Sch Bd

№ 9

ה. ד. נאמבערג.



# די משפחה

א פיעסע אין פיער אקטען.

Zur Ausfuhr
genehmigt.
Buchprüfungs-
amt Ob. Ost.

ווילנער פערלאג פון ב. א. קלעצקין.

312

Y 4660.58

איבערדרוקען און איבערזעצען
צאָהן דער ערלויבעניש פון דעם
מחבר איז פערבאָטען (געזעץ
פון 20־טען מערץ 1911).
דאָס רעכט אויפצופיהרען
בעהאלט דער מחבר פאַר זיך.



NOMBERG,

"DI MISHPOHE"


HARVARD
UNIVERSITY
LIBRARY
OCT 1973

FROM THE INCOME
OF THE BEQUEST OF
LEE M. FRIEDMAN

דרוקעריי פון ב. א. קלעצקין, ווילנא.

## פערזאנען:

גדליה פינקעלגרין.

חיה, זיין ווייב.

נחום. |
סאָניאַ. | זייערע קינדער.
עטאַ. |

עליאַש.

דבורה.

שרה.

ערשטע יודינע.

צווייטע יודינע.

אַ דיענסטמיידעל.

פאַבריק־מיידלעך.

אַ פּאָדפּאָלקאָווניק.

אָרט: אַ גרעסערע שטאָדט אין פוילען נעבען ליטווישען גרעניץ.

צייט: די ערשטע דריי אַקטען—באַלד נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע צווישען די יאָהרען 1907—1906; דער לעצטער אַקט—דריי יאָהר שפּעטער.

# ערשטער אקט.

אַ צימער אין גדליה פינקעלגרינ׳ס הויז, לינקס צוויי פענסטער; אין דער מיט אַ ספרים-שענקיל; רעכטס אַ טיר אין קאָרידאָר אַריין; אין הינטערגרונד אַ טיר אין די איבעריגע צימערן; אַ קאָמאָד און אַ שפּי-געל, אַ קאַנאַפּע; אין דער מיט אַ טיש מיט בענקלעך. דער גאַנצער צימער איז עפּיס מיטעלעס צווישען אַנ׳אויפגעהמס און עס-צימער. אויף די ווענט בילדער, אויסגעשטריקט אין וויליטשקע, אָבגעבלאַקירט; גאַר-דינען. עס פיהלט זיך אַ געוויסער סאָרט וואָלוועלער פוץ און גע-שמאַקלויזיגקייט.

ס׳איז אַ האַרבסטיגער אָבענד. אויפ׳ן טיש ברענט דער לאָמפּ. עס הערט זיך, ווי דער רעגען קלאַפּט אויף די שויבען.

סאָניאַ. זי איז אַ מיידעל פון א יאהר צוויי און צוואַנציג, אַ שענע, שלאַנקע בלאָנדינע, וואונדער-שענע האָר. זי זיצט ביים טיש, בלעטערט קאַלט און לאַנגווייליג אַ בוך. אויפ'ן פנים אַ ברוגז'ע מינע, נור איהר ברוגז'קייט איז אַ געלאַ-כענע. איהר שוועסטער, די קליינע 11-יעהריגע עטאַ, מיט שאַרף יודישע געזיכטס-שטריכען, קומט אַריין פון דער קיך אויף די שפּיץ פינגער, זעצט זיך צו צום טיש, גיט אַ דערוואַקסענע, און לעהנט אָן די הענד אויפ'ן טיש.

עטאַ שטיל. סאָניאַ, סאָניא, ער האָט דיר געגעבען די 40 רובל?

סאָניאַ. וואָס געהט דאָס דיך אָן? דו ביזט נאָך צו קליין, שטעק נישט אַריין אומעטום דיין נאָז.

עטאַ קרימט זיך, געהט אָב אַ פּאָר טריט ביז צום טיר פון פּאָטערס קאַבינעט און קומט באַלד צוריק; זי טוט אַלץ שטיל, ווי זי וואָלט מורא האָבען עמיצען צו בע-אונרוהיגען.

עטאַ. ווייסט, ווער ס'זיצט דאָרטען? דער פּאָדפּאָלקאָווניק אַנטאָנאָוו. דער טאַטע האָט איהם געוואָלט לעגען אַנ'אַרעסט אויף דער פּענסיע.

סאָניאַ בייז. איך האָב דיר געזאָגט, דו זאָלסט מיר נישט פּער-דרעהען דעם קאָפּ. געה!

עטאַ. שאַ-שאַ! אַ מענש איז דאָך דאָרט. שריי נישט.

סאָניאַ ווי צו זיך רעדענדיג. די מאַמע אויס'ן אויג. אַזאַ קליינע און האָט שוין אַלע מיאוס'ע העויות געירש'עט.

חיה אַ יודינע פון אַ יאָהר 50, אַלט-מאָדיש געקליידט, אָבער ס'איז קענטיג אַ נייגונג זיך צו פּוצען, קומט אַריין פון דער קיך. סאָניעשי, זיי שטיל! עטאַ-לעבען, איך האָב דאָך דיר געזאָגט: דער טאַטע האָט אַ געשעפט. בויגט זיך צו צו סאָניאַ'ן און שעפּטשעט. דריי טויזענד רובעל איז ער שולדיג; זייט שטיל, קינדערלעך, איך בעט אייך. די דיענסט וועט באַלד געבען דעם סאַמאָוואַר, אַ מינוטעלע...

סאָניאַ. חיה האָט זיך דערווייל אומגעקעהרט צו דער טיר אין קאַבינעט. איך האָב שוין געהערט! טאָג און נאַכט נור געלד און ספּראַוועס און!

אַרעסטען און קאָמאָרניקעס. קיין רעכט וואָרט הערט מען דאָ נישט. אַפילו די קליינע אָט וויס נור צו רעדען פון אַרעסטען אויף פּענסיעס. חיה איז צוריקגעקומען. און אַז מען דאַרף האָבען אַ פּאָר רובעל, ~~געהט זיך~~ אָן די גרי-נע גאַל.

עטאַ. זעה נור, זעה! דער טאַטעשי וויל איהר נישט געבען געלד אויפ'ן מאַסקען-באל, בלאָזט זי זיך.

סאָניאַ מאַכט אַ בייזע בעוועגונג, ווי זי וואָלט געוואָלט שלאָגען די קליינע.

חיה. איהר זאָלט מיר לעבען, קינדערלעך, זייט שטיל!

די פיהרט אַוועק עטאַ'ן פאַר'ן האַנד. די קליינע מאַכט אַ קרומע העויה אַנטקע-גען סאָניאַ'ן. ~~ביידע אָב דורך דער טיר צו דער קיך.~~

נחום אַ יונגערמאַן פון אַ יאָהר 25, גלאַט ראַזירט, דאָס פּנים דריקט אויס אַ געמיש פון נערוועזיטעט, אונצופרידענקייט און אינטעליגענץ. קומט אַריין פון דרויסען. עליאַש איז דאָ געוועזן?

סאָניאַ. ניין, זעקס וועט ער קומען.

נחום. ווי שפּעט איז דען איצט? נעהמט אַרוים דאָס זייגערל. האַלב. וואָס איז עפּיס היינט דער סאַמאָוואַר נישטאָ אויפ'ן טיש?

סאָניאַ. ער האָט דאַרט עפּיס אַ געשעפּט מיט אַ פּאָדפּאָלקאָווניק, געהט די גאַנצע שטוב קאַפּויר. ווייסט דען נישט? אַ שעה שוין דרעהט מען זיך דאָ אַרום אויף די שפּיץ פינגער.

נחום רוקט מיט אַ בענקיל, שפּאַנט איבער'ן צימער און מאַכט עקסטרא-אַ ליאַרים. ~~אין טיר בעוויזט זיך נאָך אַמאָל חיה, און עטאַ קומט אַריין. חיה, בעבע-זעהענדיג,~~ אַז נחום איז דאָ, מאַכט אַ פערצווייפעלטע בעוועגונג מיט דער האַנד און געהט אַרויס. אַ קללה ליגט אויף דעם הויז, אַז מען קומט דאָ אַריין, איז אַזוי ווי מען וואָלט איבערגעטראָגען געוואָרען פון דער פרייער וועלט אין גע-טאָ אַריין פון פאַר הונדערטער יאָהרען. עס הויבט אָן צו שטיקען און צו ווערגען די קנעכטשאַפט, דאָס בויגען זיך אין דרייען און די געמיינע גע-וועהנהייטען. וואָלטען זיי כאָטש אמת פרום געווען, וואָלט עס נאָך געהאַט עפּיס אַ טעם. די פּאָעזיע פון דער רעליגיע, די רוהיגקייט פון גלויבען. אָבער דאָס איז דאָך גלאַט גאָרנישט. קוק אָן אַ שטוב, ווי דאָס זעהט אויס! געהט צו צו דער ספרים-שאַנק. ווער האָט דאָס מיט דעם רויטען פּאָר-הענגיל פערפּוצט די שאַנק? דער מאַמעס געשמאַק.

סאָניאַ. וועמעס דען?

נ ח ו ם. ניין! איך קען דאָ מעהר נישט אויסהאַלטען. איך וועל אָבּ־האַקען מיט דאָס אַלץ, גענוג!

ס אָ נ י א. דו ווי דו, אָבּער איך, אַ פּרויענצימער, וואָס קאָן טון?

נ ח ו ם. איך האָבּ שוין דעם אַלטען געגעבּען נישט איינמאָל אַנ׳־אנצוהערעניש, און ער מאַכט זיך נישט פערשטעהן, איצט וועל איך עס איהם זאָגען אָפען: אָדער ער גיט מיר פינף טויזענד רובּעל, און איך פאָהר קיין אויסלאַנד ענדיגען, אָדער איך שמד זיך און קום אָן אין קיעוו אין אוניווערסיטעט, נאָך עטליכע יאָהר בּין איך אַ געענדיגטער און שפּיי אויף דאָס אַלץ.

ס אָ נ י אַ בּשעת נחום רעדט, צינדט זיך אָן אַ פייערל אין איהרע אויגען, אַ געמיש פון איבּערראַשונג און עקשנות. איך וואָלט דערלעבּט אַ נקמה, דאָס וואָלט געווען א לעהרע פאַר זיי, ווי אומצוגעהן מיט קינדער.

נ ח ו ם דענערווירט, מיט עקעל. דו בּיזט אַ טאָכטער פון דעם הויז, פון דער משפּחה. האָסטו געהערט, אַ קינד זאָל וועלען דערלעבּען נקמה אין עלטערן? דאָס איז מעגליך נור אין דעם הויז, וואָס איז דורך און דורך קלעפּיגקייט און ציניזם. טפוי, איהר אַלע!

ס אָ נ י אַ. און דו בּיזט אַ זוהן פון דעם הויז, פּונקט אַזוי ווי איך— אַ טאָכטער.

נ ח ו ם. און איך בּין מיין טאַטענס זוהן—דאָס איז וואָהר. איך לייי־קען נישט. איך בּין נישט מעהר ווערט, ווי איהר אַלע. נור איך לייד כאָטש דערפון, און דו רעדסט נאָך ווי אַ פּאָפּוגיי. פאַר דיר איז דאָס הויז ווי אָנגעמאָסטען. וואָס ווילסטו? בּעטראַכט זי און קוקט זי אָן שטרענג. פאַר עליאַש׳ן מאַסקירט דאָס אַנ׳אידעאַלעס וועזען, און תּנאים שרייבּען וועסטו, נישקשה, מיט׳ן דאַנטיסטעל, מיט די פערדרעהטע וואָנסעס און דעם נראָ־בּען פּרצוף! יענער אָרימער בּראַוועד מענש ווייס אַפילו נישט דערפון. האָסט דאָך איהם בּעשטעלט היינט צו קומען!

ס אָ נ י אַ. און איך האָבּ דיר געזאָגט, דו זאָלסט דיך נישט מישע אין מיינע געשעפטען. איך מיש מיך נישט אין דיינע.

נ ח ו ם. פון מיינעטוועגען מיש דיך יאָ.

ס אָ נ י אַ. מיט דבורה׳ן פיהרט מען אַ ליעבּע, און צו דער דיענסט־מויד שאַרט מען זיך בּיינאַכט.

נ ח ו ם בּייז. שאַ! זאָג איך דיר. אַ חרפּה און אַ שאַנד! ווי אַ גאַסען־מויד רעדט דאָס, ציניקערין!

סאָניאַ. וואָס האָסטו געזאָגט?! אַ גאַסען מויד, אַ פּראָס-טיטוטקע... וויינט.

נחום. נאָך ערגער. יענע האָבען נישט קיין פאַלשע טרערען און קיין פאַלשע רייד, ווי דו.

פּויזע.

סאָניאַ ווישט אויס די טרערען. וואַרט, וואַרט! דו וועסט מיך שוין האָבען צו געדענקען!

נחום. אָ, יאָ! דאָס קען איך דיר גלויבען. גיפטיג ביזטו ווי אַ שלאַנג. אַז אַ מענש קען נעהמען קאַלט אויסגערעכענט, אָהן אילוזיעס, און דערפיהרען צוויי מענשען צו אונגליק, צוליעב אַ קאַפּריז, צוליעב בעריה-מעריי, צוליעב נאַרישער וויבערישער פּוסטקייט...

סאָניאַ. ווענען האָב איך אונגליקליך געמאַכט?

נחום. עליאַש איז משוגע, דול איז ער; דבורה, דאָס אָרימע, שוואַכע, ליידענדע מיידעל האָט עליאַש'ן ליעב און איז אונגליקליך, און ווער האָט דאָס געמאַכט? דו! אַ גליקליך פּאָר-פאָלק איז דאָס געוועזען, ביז דו ביזט אַריינגעקומען אין מיטען און האָסט זייער לעבען פערסמ'ט.

סאָניאַ. עליאַש איז אין מיר פערליעבט? פּויזע. סאָניאַ געהט צום שפּיגעל און בעטראַכט זיך. ער האָט מיר קיין וואָרט נישט געזאָגט. ער איז אַזאַ בראַווער יונג. עפּיס איז אין איהם פאַרהאַן אַזוינס, וואָס מיר אַלע פערמאָגען ניט. ניט ריכטיג?

נחום קוקט איהר אין די אויגען אַריין און שמייכעלט סאַרקאַסטיש. איך מוז דיר זאָגען דעם אמת... איך קוק דיך טיילמאָל אָן און בעוואונדער דיך: דו האָסט דאָך ליעב עליאַש'ן; מיר וועסטו ניט דערצעהלען קיין מעשיות, און וועגען דבורה'ן ביזטו געוועזען אייפערזיכטיג, און בעקענט האָסטו זיך מיט איהר, כדי זי צו קענען מיאוס מאַכען אין עליאַש'ס אויגען. אָ, איך זעה אַלץ, איך קען דיך גוט!.. נור זאָג מיר, איך בעט דיך, דערקלער מיר: צו וואָס? צו וואָס? אַז דיין שענהייט, דיין קערפּער וועסטו דאָך אַוועקגעבען יענעם גראָבען נפש!

סאָניאַ ~~קלאַפּט אין טיש בייז~~. דו וועסט ניט אויפהערען?!

נחום. אָט אַזוי, בייזער זיך כאָטש אַ מאָל.

חיה קומט אַריין, פערצווייפעלט. אוי! זייט שטיל! האָב רחמנות, נחום, זיי שטיל!

נחום. „האָב רחמנות", „האָב רחמנות"... אָב דורך דער טיר צום קאָרידאָר.

ע ט א קומט אַריין און קוקט דער מוטער אין די אויגען אַריין, ווי זי האָלט פרעגען, וואָס דאָ איז געשעהן.

חיה. האסטו געזעהן? האסטו געהערט? וואָס דאָס האָט אָבגעקאָסט! אַ מאַיאָנטעק! נחת דערלעבט. ע ט א שאָקעלט צו מיט׳ן ~~קאָפּ, קום, עטא לע־בען טאָכטערשי...~~

אָב צום קאָרידאָר מיט עטא׳ן.

די טיר פון קאַבינעט עפענט זיך, דער פּאָדפּאָלקאָווניק געהט דורך, הינטער איהם ג ד ל י ה, אַ יוד פון אַ יאָהר עטליכע און פופציג, אָנגעטאָן האלב אלט־מאָדיש, האלב נייע־מאָדיש. ער איז אין בלויזען קאָפּ און נויגט זיך און שמייכעלט. און דער פּאָדפּאָלקאָווניק בעמערקט סאָניאַ׳ן און שמייכעלט.

דער פּאָדפּאָלקאָווניק. А ты совсѣмъ не говорилъ мнѣ, Гдалья, что у тебя красавица дочь. До свиданья, красавица.

סאָניאַ האלב ברוגז. До свиданья

די דיענסט ברענגט אַריין דעם זודיגען סאַמאָוואַר. ג ד ל י ה זוכט זיין היטעל. געהט ~~אַריין אין קאַבינעט און קומט צוריק מיט אַ צוגערעקטען קאָפּ. פון דער צווייטער טיר קומען אַריין חיה און עטא.~~

חיה. נו וואָס האָסטו מיט איהם געמאַכט?

גדליה. וואָס האָב איך געזאָלט מיט איהם מאַכען? גיסט זיך אָן טיי.

חיה. פאַרוואָס זאָגסטו מיר נישט?

ג ד ל י ה קוקט אויף סאָניאַ׳ן און רעדט צו חיה׳ן. זאָגען, זאָגען, וועסט נישט פערשפּעטיגען די גליקען.

חיה. טו וואָס? רעד! ער האָט דיר צוגעזאָגט דעם פּאָדריאַד?

גדליה. פּאָדריאַר, פּאָדריאַד... שוין געהערט. באַלד צעטראָגט מען דאָס איבער דער גאַנצער שטאָדט, און ס׳איז קאַפּוט. מען זיצט דאָ אין איינענעם הויז, ווי צווישען שונאים זיצט מען דאָ.

נ ח ו ם קומט אַריין, זעצט זיך צום טיש און גיסט זיך איין טיי. ביי זיין אַריינקומען ווערט אַ ווייל׳ע שטיל ביים טיש. חיה, אונגעדולדיג, רופט אַוועק גדליה׳ן, ער רוקט זיך מיט איהר אָב אין דער צווייטער שטוב אַריין און דערצעהלט איהר עפּיס.

נ ח ו ם ציניש און בייז.—זיי האָבען מורא צו רעדען אין אונזער גע־גענוואַרט. אַ הויז! מען קען נישט זאָגען. דאָס וועסטו ביי קיין שום פאָלק נישט טרעפען, סיידען ביי אונז. אָט איז עס די יודישקייט, וואָס דיין עליאַש וויל אויפהאַלטען...

סאָניאַ אונבעשטימט. מיין עליאַש...

נחום. דיין, דיין... לײדער, און אפשר איז עס פֿאַר דיין גליק. ער איז אַ מענש פֿון אַ בעסערער אַרט, און דו...

סאָניאַ. שווייג שוין, שווייג! איך ווייס פֿאָראויס, וואָס דו וועסט זאָגען... ווי געפֿעלט דיר בעסער דאָס רויטע פֿאָרהענגיל? טו מיר אַ טובה און נעהם עס אַרונטער... פֿאַר דיר האָבען זיי מורא...

נחום געהט צו צום ספרים-שענקיל, פּרובט אַראָבצונעהמען דאָס פֿאָרהענגיל. בעת מעשה קומט אַריין גדליה.

גדליה. דו זוכסט אַ ספר! אַ ספר זוכסטו?...

נחום קוקט מיט אַ האַלבען שמייכעל צו סאָניאַ'ן. איך האָב דאָס פֿאָרהענגיל געוואָלט אַראָבנעהמען. ס'איז מיאוס, נאַדיר אַ רויטע פֿאַטשיילע אין מיטען-דערינען!

גדליה. אַזוי? דאָס פֿאָרהענגיל גאָר! און איך האָב געמיינט, אַז ס'האָט זיך דיר אַ מאָל פֿערגלוסט צו נעהמען אַ יודישען ספר אין האַנד אַריין. ס'איז דאָך עפּיס אַ שראַנק מיט ספרים, ~~אַלטע פֿאַר צײַטישע~~ רבנים און גאונים. האָב איך געמיינט, ס'איז דיר אַיינגעפֿאַלען: עט, כ'וועל אַמאָל אַריינקוקען.—וואָס עפּיס גראָד דאָס פֿאָרהענגיל?

נחום מיט אַ שמייכעל. די ספרים, זיי שווייגען כאָטש, וויל איך ניט, לייען איך ניט.— דאָס רויטע פֿאָרהענגיל רייסט די אויגען.

גדליה. רייסט די אויגען! אַזוי! רייסט, ממש רייסט! די ספרים דאָרט, וואָס גאונים און צדיקים און גרויסע קעפּ האָבען אַוועקגעלעגט אויף זיי גאַנצע לעבענס, וואָס אונזערע זיידעס און אָבות אַבותינו האָבען געלערנט יומם ולילה— דאָס איז גאָרנישט. אַבי זיי שווייגען, איז שוין גוט, אַ גליק! אַזאַ מין חכם ווי דו האָט שוין גאָרנישט דערמיט צו טון, גאָר נישט! נור דאָס פֿאָרהענגיל דער עיקר, דאָס פֿאָרהענגיל... אוה...—אוה... סתרי תורה... אַ רויטע פֿאָרהענגיל רייסט די אויגען, און אַ געלס, אַשטייגער, וואָלט דיך גאָר געביסען אויף דער צונג...

סאָניאַ קומט צו און פּרובט דעם פֿאָרהענגיל אַראָבצונעהמען. טאַטע, דו פֿערשטעהסט ניט, טאַטע, דו האָסט נישט קיין געשמאַק, דאָס איז ניט עסטעטיש.

גדליה. ווי האָסטו געזאָגט? עסטעטיש איז עס ניט? כ'ווייס אַפֿילו ניט, וואָס דאָס איז אַזוינס, נור איך בין זיך משער. עס געפֿעלט דיר ניט, אָט אַזוי זאָג. זאָג איך דיר: דו טוסט דיך אָן, ווי

דו ווילסט, ווי א חצופה טוסט דיך אן, נישט אזוי ווי איך וויל, טאָ לאָז מיר מיינע ספרים... צו נחום׳ען פון דאַנען געהט אַוועק. וואָס האָסטו צו טון מיט דער שראַנק ספרים! פאַר דיר איז אַ גליק, אַז זיי שווייגען, און פאַר מיר, פערשטעהסטו, אַז איך זעץ זיך אַנידער און עפען אַ ספר, לעב איך, פיהל איך, אַז איך לעב אויף דער וועלט, אַז איך בין נישט קיין קוה און נישט קיין חיה־רעה און נישט אַ שטיק פליישׁ, וואָס פרעסט און טרינקט... אונטערן נאָז — און נישט קיין הולטיי. וואָס לויפט אַרום הפקר אויף דער וועלט.

נחום. דאָס בין איך דער הולטיי, וואָס לויפט אַרום הפקר?..

גדליה. ווער דען? איך? וואָס ווילסטו איצט לויפען קיין אויסלאַנד? גלאַט אויסברענגען געלד! פון וואַנען וועל איך דיר נעהמען?

נחום. איך וויל נור איינמאָל נעהמען געלד. פטר מיך אָב, און אַדיע! איך בעטרעט נישט מעהר די שוועל פון דעם הויז, און אויב דו וועסט ווע‏לען, וועל איך דיר קיין בריוועל אַפילו נישט שרייבען.

גדליה. און אויב איך וויל נישט? אַז איך וויל לגמרי ניט, אַז דו זאָלסט פאָהרען קיין אויסלאַנד, אַרומשלעפען זיך פוסט און פאַס און מיר איינרעדען, אַז דו מאַכסט עקזאַמענס.

נחום. וואָס זשע ווילסטו? דאָ זיך ארומדרעהען! און אפשר העל־פען דיר אין פאָדריאַד און אין לעגען אַרעסטען?...

גדליה. טאָ אדרבה, וואָס קלערסטו צו טון?

סאָניאַ פאַלט אַריין אין די רייד. ער וויל אָנקומען אין אוניווערסי־טעט אין קיעוו.

גדליה. איך לאָז אידם נישט?

נחום. איך האָב בדעה זיך צו שמד׳ען, אנישט, קען איך ניט אָנקומען.

פויזע. אַ צוזודערניש. גדליה איז בלאַס געוואָרען. דרעהט זיך אַרום איבער׳ן שטוב.

גדליה: בלאַס, פערציטערט. אַזוי, אַזוי! געהט צו צום טיש און שאָקעלט זיך ווי פאַר אַ גמרא, מיט א גמרא־ניגון. שמד׳ען זיך! אַז דער טאַטע גיט נישט קיין געלד, אַז ער האָט ניט אפשר קיין געלד — איז שמד׳ען. פאַרוואָס נישט שמד׳ען? וואָס איז דער מעהר? אַ סוף און אַנ׳עק! אַ חלף לעגט ער מיר גאָר צו צום האַלז. אַהערדאָסגעלד! אַנישט, שמד איך זיך. אָהן גמרא־ניגון. פאַרוואָס דאָס ניט שעכטען אַ טאַטען? אין דיין תורה שטעהט עס געשריבען?

נחום. איך וויל דיך נישט שעכטען און וויל דיך נישט שרעקען.

איך האָב נישט קיין אַנדער ־ברירה. וואָס וועט זיין פון מיר? איך וויל נישט פערשפּיעלען מיין לעבען. איך וויל צו עפּיס קומען, איך האָב דאָס רעכט צו לעבען. איך בין נישט מחויב זיך מקריב צו זיין, מיין גאַנצע צוקונפט אַוועקצוגעבען, ווייל דיר וועט עס נישט זיין אָנגענעהם. ס'איז מיר אַליין אויך ניט אָנגענעהם.

ג ד ל י ה. הייסט עס: גאָרנישט. מיט אַ גמרא-ניגון. נעהמען און שמד'ען זיך, באַשר מען נעהמט ניט צו יודען אין אוניווערסיטעט. מען קען אַזוי גיך נישט ווערען אַ דאָקטאָר, דרעהט מען איבער ־ אָס פּאָרהענגיל—און פּאַרטיג... פּויזע. ביזט דאָך אַ געבילדעטער און קאָנסט נישט ליידען קיין יודישע עולות,—וואָס טייטש עפּיס: מען וויל קיין יוד נישט אָננעהמען, שמד'ט מען זיך און מען נאַרט אויס דעם גוי?... איך בעט דיך, וואו שטעהט דאָס אין דער תורה געשריבען, אַז אַ יודען דאַרף גוט צו זיין, אַז אַ יוד דאַרף זיך נישט פּלאָגען? דערויף זענען מיר דאָך יודען, אַז מען זאָל זיך פּלאָגען.

נ ח ו ם. אין מיין תורה שטעהט געשריבען, אַז אַ מענשען דאַרף גוט צו זיין, און אויב ער ליידט, דאַרף ער כאָטש וויסען, צוליעב וואָס... איך האָב נישט, צוליעב וואָס...

ג ד ל י ה. און רחמנות אויף אַ טאַטען דאַרף מען אויך נישט האָבען, און נישט איף קיין מאַמען. געהט צו צו דער טיר און רופט. חיה! חיה! קום נור אַריין! ח י ה בעוויזט זיך, נאָך איהר ע ט אַ. קוק אָן דיין זוהנדיל און קלייב נחת, ער סטראַשעט דאָך מיר שוין צום דריטען מאָל, אַז ער וועט זיך שמד'ען...

ח י ה. נחומ'שי, נחומ'שי, מיין קינד... אוי, ראַטעוועט!

נ ח ו ם. אָ, די געשרייען! קלאָג נישט, מאַמע, כ'בין דאָך נישט געשטאָרבען.

ע ט אַ. שמד'ען איז נאָך ערגער, ווי געשטאָרבען.

ח י ה. אוי, אַ ברכה און הצלחה, טאָכטער'שי, צו דיין קאָפּ!

ס אָ נ י אַ. טאָמער וואָלטען די געשרייען אויפגעהערט. גענוג שוין! טאָמער וואָלט איך שוין אַרויסגעקראָגען די פּאָר רובעל, וואָס כ'דאַרף צו האָבען.

ג ד ל י ה. געלד? וויפיעל געלד דאַרפסטו דאָס? שטענדיג געלד און געלד!

סאָניאַ. פערציג רובעל, טאַטע. גיב מיר פערציג רובעל. געהט צו און לאַשצעט זיך צו איהם. דער טאַטע האָט דאָך מיר צוגעזאָגט.

חיה. פערציג רובל! געלד וואַקסט ביי זיי אויף די בוימער!

סאָניאַ. זאָל זיך די מאַמע נישט אַריינמישען. צו גדליה'ן ווייך. גיב מיר, איך בין היינט געווען ביי דער שניידערקע.

גדליה. אפשר האָסטו גענוג צוואַנציג רובעל?

עטאַ. גענוג צוואנציג רובעל. זי דאַרף דוקא אַקלייד פאַר פערציג.

סאָניאַ נעהמט זי פאַר דער האַנד און שליידערט זי בייז. געה, דו פּיסקאַטש!...

גדליה. וואָס האָב איך דיר געוואָלט זאָגען?... דער גערער רבי מאַכט חתונה זיין טאָכטער מיט... ע, ווי הייסט ער?...

סאָניאַ. דער גערער רבי, דער גערער רבי... גיב מיר געלד, טאַטעשי...

גדליה. לייבטשע פעטריקאָוו איז דער מחותן. פערציג טויזענד רובעל גיט ער נדן... ווייסט... ע, ווי הייסט ער?...

סאָניאַ. נו, גיב מיר פינף און דרייסיג רובעל.

גדליה. 35 רובל?... חיה, האָסט נישט געזעהן די ברילען מיינע?...

סאָניאַ לויפט געשווינד אַריין אין דער צווייטער שטוב און ברענגט די ברילען. פאַר דער צייט כאַפּט גדליה אויף זיך דעם מאַנטעל און מאַכט זיך גרייט אַרויסצוגעהן. סאָניאַ כאַפּט איהם פאַר'ן אַרבעל. דו לויפסט שוין ווידער אַוועק? גיב מיר,—נו דרייסיג רובעל, גיב מיר.

נחום בייז. דאָס רינגעריי האָט זיך אָנגעהויבען. צו סאָניאַ'ן. דינג זיך, דינג זיך, אַ גראָשען אַרויף, אַ גראָשען אַראָב, ניש'קשה, אַ געטרייע טאָכטער פון אַ געטריי הויז.

גדליה. וואָס? וואָס האָסטו געזאָגט? איך האָב שוין אויפגעהערט צו פערשטעהן, וואָס ער רעדט.

חיה. וואָס דען? אַזוי ווי דו: גיב געלד, אַ נישט, וועל איך זיך שמד'ען?

נחום. איך מיין עס גאַנץ ערנסט, נישט צו סטראַשען. מיר איז שוין נמאס ומאוס געוואָרען שטענדיג צו דינגען זיך און צו בעטלען געלד. איך וויל נישט פאַהרען קיין אויסלאַנד, ביז איך וועל נישט בעקומען אַ נויטיגע סומע געלד, איך זאָל מעהר צו אייך נישט דאַרפען אָנצוקומען. די אויגען זענען מיר דאָרט אויסגעקראָכען אויף געלד וואַרטענדיג. יעדעז

חודש דערזועלבער פזמון, יעדען חודש שרייב אָן אַ תחינה און דינג זיך, ווי קרעמער אויפ'ן מאַרק.

גדליה. כּדוֹמה למשל, וויפיעל געלד דאַרפסטו דאָס האָבען, אַז איך זאָל דיינער פּטוּר ווערען?

נחום. פינף טויזענד רובעל...

גדליה און חיה צוזאַמען מיט אַ געשריי. פינף טויזענד רובעל!

עטאַ. זעה נור, פינף טויזענד רובעל!

נחום סאַרקאַסטיש. אַז איך האָב אייך געזאָגט, אַז איך וויל זיך שמד'ען, האָט דאָס דיך נישט אַזוי איבערראַשט, ווי איצט, אַז איך האָב דער־מאָנט פינף טויזענד רובעל. איך מיין, אַז מען וואָלט דיר, טאַטע, און דירן מאַמע, געגעבען אויסצוקלייבען איינס פון די צוויי, אָדער 5 טויזענד רובעל צו פערלירען, אָדער אַ זוהן אַ משומד צו האָבען, וואָלט איהר אויסגעקלי־בען דאָס לעצטע. טאָ אויב ביי אייך איז דאָס נישט ווערט 5 טויזענד רובעל, פאַרוואָס זאָל איך דערפאַר בעצאָהלען מיט מיין גאַנצער צוקונפט, מיט מיין גאַנצער קאַריערע? די יודישקייט דאַרף מיר ניט טייערער זיין, ווי אייך, דאָס וועט קיינער פון מיר ניט פאָדערן...

גדליה. אַ רוצח ביזטו, אַ גזלן.

חיה אין אַ וויינענדיגען טאָן. אַ רוצח, אַ רוצח...

סאָניאַ. שטענדיג פאָהרסטו מיר אַריין אין מיטען. שטיל אויפ'ן אוי־ער צו נחום'ען. ער וואָלט שוין מיר געהאַט געגעבען, מאַכסטו קאַליע...

נחום. אַך, דו קליינליכער נפש! וואָס איהר ליגט אין זינען!

סאָניאַ. און דו דאַרפסט נויטיג צו פערשאַלאַטאַנעווען טויזענדער אין איין יאָהר, נישט אַנדערש! זאָל איהם דער טאַטע ניט געבען קיין גראָשען, ער סטראַשעט נור, שוין לויפט ער זיך שמדע'ן!

נחום דרעהט זיך אַרויף און אַראָב איבער'ן צימער, צום פאָטער. נו, גיב איהר שוין די דרייסיג רובל, וועסט נישט אָבדינגען.

גדליה. וואָס האָב איך געוואָלט זאָגען: אין מקוה האָט געפּלאַצט דער קעסעל. כ'האָב גאָר פערגעסען, איך דאַרף דאָך געהן, ~~איך דאַרף דאָך געהן.~~

סאָניאַ. געלד גיב מיר.

גדליה. געלד? וויפיעל דאַרפסטו דאָס האָבען?

סאָניאַ. פערציג רובל.

חיה. אַ קלאָג צו מיינע שונאים'ס קעפּ! 40 איז שוין ווידער גע־

וואָרען, האָסט דאָך ערשט געזאָגט דרייסיג. געלד וואַקסט בײַ זײַ אויף די בוימער.

סאָניאַ אונגעדולדיג. 30, 30, זאָל שוין זײַן דרייסיג!

גדליה האַלט בײַם אַרויסגעהן. אויף דער נאַכט, סאָניאַ, אויף דער נאַכט, סאָניאַ.

סאָניאַ שטעלט זיך בײַם טיר. ניין, יעצט, יעצט וויל איך! אויף דער נאַכט וועסטו זײַן מיעד, בײַ טאָג ביזטו פערנומען, און אין מיטען דערין פלאַצט אין מקוה דער קעסעל...

גדליה. וואָס ברענט דאָס אַזוי?

סאָניאַ. אַ קלייד.

גדליה. אַ קלייד?

סאָניאַ. טאָ גיב זשע דאָס געלט.

גדליה נעהמט אַרויס דעם טייסטער, געהט צו צום ווינקעל, נעהמט אַרויס צעהן רובעל און דערלאַנגט סאָניאַ'ן. נאַ...

סאָניאַ שטופט איהם צוריק דאָס געלד אין האַנד. מיט אַ וויינענדיגער שטים די גרינע גאַל קעהרט זיך אָן... איך דאַרף צו האָבען פאַר'ן שניידער... ס'איז נישט אויסצוהאַלטען.

נחום קלאַפט צו די טיר און געהט בייז אַרויס.

גדליה לאָזט פאַלען די צעהן רובעל אויף דער פאָדלאָגע און וויל געהן נאָך נחום'ען. רופט. נחום, וואַרט אַ ביסעל, איך געה אויך!...

נחום קומט צוריק. האָסט מיך פלוצלונג אַזוי ליעב בעקומען, וואָס דו דאַרפסט געהן מיט מיר צוזאַמען? דער אַלטער וויל אַרויסגעהן, נור ס'קומט אויס, אַז נחום פערשטעלט איהם אין טיר דעם וועג.

סאָניאַ וויינענדיג און בייז. טופּעט מיט'ן פיס. 30 רובעל זאָלסטו מיר געבען, אַ נישט, אַ נישט וועל איך זיך אַ מעשה אָנטון, אויף מײַן נאמנות. איך... איך וועל מיך אויפהענגען!

גדליה. שמד'ט אײַך און הענגט אײַך! מײַן דאגה. איך זאָל אַזוי מורא האָבען פאַר זײַן שמד, ווי איך האָב מורא פאַר דײַן הענגען. כאַפּט אַרויס דעם טייסטער, גיט איהר נאָך צעהן רובעל. הויבט אויף די ערשטע צעהן רובעל פון פאָדלאָגע. אויף דער פאָדלאָגע וואַלגערט זיך בײַ זײַ געלד! נאַ דיר צוואַנציג רובעל!

סאָניע. נאָך פינף רובעל, טאַטעשי.

גדליה מאַכט מיט דער האַנד נערוועז. אַ גראָשען נישט מעהר! געהט אַרויס. חיה מיט עטאַ׳ן אָב אין די צימערן.

נחום קומט צוריק אריין. איצט קאָנסטו זיך פאָרשטעלען, וואָס איך האָב געהאַט אויסצושטעהן אין אויסלאַנד מיט געלד. דאָ כאַטש כאַפּסטו איהם, און ער קען זיך ניט אַרויסדרעהען. אָבער דאָרט פון דערווייטען, אַז מען דאַרף דאָס מאַכען דורך בריעף. יעדע וואָך שרייב איהם אָן לאַנגע תחינות און טראַכט אויס מעשיות. אוי, ווי דאָס איז מיר נמאס געוואָרען!

סאָניאַ. ווי מיר דאָ.

נחום ווייניג. פאַר-אַ-יאָהרען האָב איך געמוזט קראַנק ווערען אויף לונגען-ענטצינדונג, היי-יאָהר אויף אַ טיפוס. און אויב איך זאָל איצט פאָהרען אָהן געלד, ווייס איך שוין ניט, אויף וואָסער קראַנקהייט איצט קראַנק צו ווערען—סיידען אויף טשאַכאָטקע.

סאָניאַ פערוואונדערט. ביזט נאָך אַלץ קראַנק? דו זעהסט גאָרנישט אויס, ווי אַ קראַנקער.

נחום: ווילסט לעבען מיט מיר בשלום? וועל איך דיר אויסזאָגען דעם סוד. איך בין גאָר קיינמאָל ניט קראַנק געוועזען. איך האָב געדאַרפט האָבען געלד, האָב איך מיך געלעגט אין בעט, און מיין בעל-הבית׳טע האָט טעלעגראַפירט אַהיים, אַז איך בין קראַנק... וואָס זשע דען האָב איך געזאָלט טון?

סאָניאַ. חאַ, חאַ, חאַ! אַזוי! האָסט גאָר קיין לונגען-ענטצינדונג נישט געהאַט, און נישט קיין טיפוס?

נחום שמייכעלט. יאַ, געהאַט, אַ זשעני האָב איך געהאַט, א שוואַרצע, אַ יונגע מיידעל, אַ וואוילע. גאָר אַ וואוילע; דאָס איז געווען, פערשטעהסטו מיך, מיין לונגען-ענטצינדונג. איך האָב דאָך געמוזט האָבען געלד, זי אויסצוהאַלטען... און מאַרגאַרעט. אַ פראַנצויזין, אַ כוואַט אַ מיידעל, אַ קלוגע מיט ברענענדיגע אויגען,—דאָס איז געווען דער טיפוס. געהאַט קראַנקהייטען, ווי דען?

סאָניאַ. שענע קראַנקהייטען, אַ שענע לונגען-ענטצינדונג און אַ שענער טיפוס. דבורה—דאָס ווידער זאָל זיין דיין טשאַכאָטקע. גאַנצע פינף טויזענד רובעל דאַרפסטו פאַר איהר?

נחום. ערנסטער. ווילסטו לעבען מיט מיר בשלום אָדער נישט? אויב יאַ, רעד נישט אַ וואָרט פון דבורה׳ן, הערסט?

סאָניא: וואָס איז זי דאָס? אַזוי שען? אזוי קלוג? כ'האָב שוין קליגערע און שענערע געזעהן.

נחום. דו וועסט עס ניט פערשטעהן, אויב איך וועל דיר זאָגען.

סאָניאַ. נישט פערשטעהן?

נחום. מיין ליעבע צו איהר—דאָס איז מיין שנאה צו דיר, צו אונז אַלע, צו אונזער הויז. צו וואָס טויגען מיר, די פערדאָרבענע קינדער פון פערדאָרבענע עלטערן?—אַז מיר רעדען, האָבען אינזערע רייד קיין האפט נישט; אַז מיר ווילען זיך גאָר מיט עפּיס אינטערעסירען, מיט עפּיס העכערס, אַלגעמיינס, שענערס, קלעפּט עס זיך ניט צו אונז. מיין קאָפּ קען אַלץ בענעהמען: די העכסטע אידעאַלען, די גרעסטע איבערגע־בענקייט, און צוגלייך די נידעריגסטע געמיינהייט און די גראָשענדיגע וויצ־לעך. און אַלץ אינאיינעם איז אויסגעמישט, אַלץ איז איינס, אַלץ פּלאָנ־טערט זיך אין קאָפּ און קייקעלט זיך גלאַט פון צונג אראָב... ווייל דער שורש אונזערער, סאָניע, איז בלאָטע, גראָהע וואָכעדיגקייט...

סאָניא. און זי, די שניידערקע, איז אַ יום-טוב'דיגע?

נחום. אָט אַזוי, ווי דו האָסט געזאָגט: אַ יום־טוב'דיגע. זי האָט איהר וועלט פון אידעען, איהר גלויבען, און זי איז צוזאַמענגעוואַקסען מיט זיי. וואָס דאַרפסטו מעהר? פּאָליטישע עקאָנאָמיע איז דאָך מיין פאַך, דאָס האָב איך דאָך דריי סעמעסטערס שטודירט. און זי, וואָס וויים זי אין גאַנצען? וויפיעל האָט זי געלערנט? און דאָך, אַז זי רעדט, איז גערעדט, אַז זי זאָגט אַרויס איהר מיינונג, די ענגע, בעגרעניצטע מיינונג. איז עס אַ מיינונג. און אַז איך רעד, איך וויים פיעל מעהר פון איהר, איז עס—צופעליג: רעכט מאַרקס, רעכט בורזשואַזע טעאָריעס, רעכט אַ רעוואלוציאָנער זיין, רעכט אַ רעאַקציאָנער, רעכט זיין אַ סאָציאַליסט. רעכט אַ דעקאַדענט, אַ ניטשעאַנער, איך וויים, וואָס איך בין! ביז פּופצעהן יאָהר אַ בית-המדרש-בחור געוועזען, און איצט וואָלט איך צום בעסטען געטויגט צו זיין אַ קאַר־יעריסט.

סאָניאַ האָרכט אויפמערקזאַם, ווי זי וואָלט זיך בעמיהען צו פערשטעהן, וואָס זי פערשטעהט ניט גרינדליך, און עליאַש?

נחום. וואָס ווייסטו, וואָסער מענש דאָס איז? ער איז דאָך הויך גע־בילדעט מיט פיעל וויסען, איז אפשר אויך אַ סקעפּטיקער, איבערהויפּט די לעצטע צייט. אָבער אַנדערש, אַנדערש, שוועסטער... זיין ספק פיהרט

צו גלויבען, ער געהט ווי אויף אַ בּאַרג, העכער און העכער; און עס טרעפט, אַז ער פערלירט דעם וועג, ווייס ער, אַז ער בלאָנזשעט, זוכט ער... איך האָב נישט, וואָס צו זוכען, ווייל איך ווייס פאָראויס, אַז איך וועל גאָרנישט געפינען, ווייל איך בּין אויפגעהאָדעוועט אין אַ הויז אָהן אַ פונק גלויבען. אַ קאַריער, שוועסטער! מיין טאַטענס זוהן צו זיין, אָט דערצו בּין איך געבּאָרען.

סאָניאַ. זאָג מיר, איך בּעט דיך, דבורה האָט דיך כאָטש ליעב?—

נחום. ווייס איך? זי איז צוגעלאָזט צו מיר, זי איז פערצווייפעלט פון עליאַש'ס קאַלטקייט... ווייסט, וואָס מיר דוכט זיך? אַז מיר, איך און דבורה, זענען ווי צוויי קראַנקע. די געזעלשאַפטליכע טויטקייט, דער בּאַנק־ראָט פון איהר גלויבען, האָבען זי קראַנק געמאַכט; עליאַש'ס ליעבע צו דיר האָט זי גאָר נידערגעשלאָגען, און דערצו איז זי פיזיש קראַנק. איך האָב מורא, זי האָט די אמת'ע טשאַכאָטקע...

סאָניאַ. שפּייט מיט בלוט?

נחום. זי האָט טאַקע געהאַט אַ לונגען־ענטצינדונג, נישט אַזוי ווי איך, און איך מיין, אַז דאָס, וואָס איהר איז פערבּליבען פון דער קראַנק־הייט, די שפּורען מיין איך, זענען אויך רעכטע, עכטע...

סאָניאַ וויינט און בּאַרימהאַרציג. אַזוי? איך האָב גאָרנישט געוואוסט...

נחום. קום איך, וואָס איך בּין נישט אויסגעהיילט פון דעם גאַנ־צען זוכען, קום איך מיט מיין געבּראָכענעם געמיט צו איהרען. איז דאָס ליעבע? איך ווייס נישט. נור דאָס וועל איך דיר זאָגען אויף געוויס. מיך פרעהט איין זאַך: אָט די בּעדערפעניש זי צו זעהען, זי און נישט קיין אַנדערע, צו רעדען מיט איהר, אויסצוהערען איהר מיינונג, צו אינ־טערעסירען זיך מיט איהרע געפיהלען, מיט איהרע געדאַנקען. דאָס איז נישט זשעני און מאַרגאַרעט, דאָס איז אַנ'ערנסטע זאַך, און איך וויל זיין ערנסט, איך וויל כאָטש, — פערשטעהסט? איבעריגענס, איך האָב מיך פערערדט. ווענען זאָג איך דאָס? דיר?

סאָניאַ. זעה נור, עליאַש איז אַזאַ חכם, ווי דו, און דאָך קען ער מיט מיר רעדען.

נחום. עליאַש איז אין דיר פערליעבּט. פערליעבטע קוקען מיט אַנדערע אויגען... ער האָט מיר ערשט נעכטען געזאָגט, אַז ער האָט נישט געגלויבט, אַז דו קענסט אַזוי שען פיהלען, נור די אַטמאָספער אַרום דיר מאַכט דיך קאַליע.

סאָניאַ. זעהסטו!

נחום. פאַר דעם דאַזיגען טיסטעל וועסטו די שענע געפיהלען בעהאַלטען אָדער פאַר אַן אַנדערען האַם.

סאָניאַ חנ'עוודיג ברוגז. זאָל איך חתונה האָבען מיט עליאשן? וואָס וועט זיין דער תכלית דערפון? ליעב האָבען—איך פערוועהר איהם דען, ער זאָל מיך ליעב האָבען?

נחום סאַרקאַסטיש. אַה, ווי אַ גוטע נשמה דו ביזט! דו ערלויבסט איהם טאַקע דיך ליעב צו האָבען?

סאָניאַ. נו, זאָג אַליין, צי איז ער אַ חתן? ער זעהט גאָר נישט אויס ווי אַ חתן, אַפילו נישט ווי אַ מאַן, ס'איז עפּיס נישט. איך וויים אַליין ניט פאַרוואָס, איך וואָלט שוין נישט געקוקט אויף געלד, נור עפּיס מאַן און ווייב זיין מיט איהם...

נחום. אָבער אַ געליעבטער זיין?

סאָניאַ. ער זאָל מיך ליעב האָבען?

נחום. דו—איהם.

סאָניאַ ענטשלאָסען. אַוודאי האָב איך איהם ליעב.

עס קומט אַריין עליאַש, אַ יונגער מאַן פון אַ יאָהר אַכט און צוואַנציג, הויך, טראָגט אַ בערדיל, אַנ'איידעל זאַנפט געזיכט, ציכטיג געקליידט; ער האָט דעם אויסזעהן און די תנועות פון אַ מענש, וואָס געווינט צוטרויען און רעספּעקט. זיין אַריינקומען מאַכט אויף ביידען אַנ'איינדרוק.

נחום געהט איהם אַנטקעגען. גוטען אָבענד.

עליאַש טוט אויס דעם פּאַלטאָ, נחום נעהמט איהם צו. גוטען אָבענד, גוט יאָהר. גוטען אָבענד, סאָניאַ, וואָס מאַכט מען גוטס?

סאָניאַ שמייכעלט צו איהם בעת נחום הענגט אויף דעם פּאַלטאָ. שטיל. איך האָב מיך אַזש פערבענקט נאָך... אייך. עליאַש קוקט זי אָן אונצופרידען. נאָך דיר, ענטשולדיג, איך פערגעס ווידער...

עליאַש. ס'איז רעכט אַזוי.

סאָניאַ. שוין ווידער אַ ברוגז'ער געקומען, ענטשולדיגט—רוימט איין. דו—געקומען—אַ ברוגז'ער—ביזט. גוט שוין?

עליאַש. גוט. מיר וועלען דאָס אָבלעגען אויף אַ ביסעלע שפּעטער, סאָניאַ; מיר וועלען נאָך רעדען; דורכרעדען זיך.

נחום. איהר פאָהרט אַוועק טאַקע, עליאַש?

סאָניאַ איבעררַאַשט. ווער פאָהרט?! וואוהין?!

עליאַש. עס האָט זיך מיר פערבענקט נאָך מיין שטעדטיל, נאָך מיין טאַטען, דעם רב. ער איז איינער אַליין אויף דער עלטער, און—קוקט איהר אין די אויגען. — — פון דאַנען פאָהר איך יעדענפאַלס.

סאָניאַ ברוגז. זענט איהר דאָס געקומען געזעגענען זיך מיט מ׳ר? אַזוי דאַרפט איהר גאָרנישט אַריינקומען? אַ שענער גוטער פריינד!

עליאַש מיט אַ טרויעריגען שמייכעל. פרעטענזיעס צו האָבען איז אַ ווייבערישע זאַך, עס פּאַסט אייך.

פויזע, אַ געדריקטע שטימונג. נחום פיהלט, אַז ער איז אַנ׳איבעריגער, געהט אַרויס אונבעמערקט.

סאָניאַ קאָקעטירט ז׳י גאַנצע וויטערדיגע צייט. אוי, אַ ברוגז׳ער געקו־מען ווידער, אַ בייזעד... ג׳ט!... איך וועל זיין אויף „דו", אַזוי ווי איהר, אַזוי ווי דו. דו ווילסט:

עליאַש. זיי ניט אַז׳י, ווי איך וויל, זיי, ווי דו ביזט. דו ביזט שען—דאָס איז אַלץ, קאָנסט מיר זאָגען „איהר".

סאָניאַ. שוין ווידער ברוגז. איך ביך אַ גאַנצען טאָג אַזוי פרעהליך געוועזען, ביינאַכט האָב איך אַזוי פיעל גע׳חלומ׳ט. איך בין געגאַנגען מיט אייך שפּאַצירען... אין וואַלד, און מיר זענען געלאָפען... אין דער פריה, אַז איך הויב מיך אויף, פערגעס איך באַלד די חלומות, עס צערינט און צעשווימט. אייך חלומ׳ט עפּיס?

עליאַש. איך שלאָף נישט, פערשפּאָר איך צו חלומ׳ען.

סאָניע גלעט איהם קוים, קוים די האָר. איהר זייט אַ בייזער היינט.

עליאַש קושט זי. ווי שען דו ביזט, ווי שען. סאָניאַ גיט איהם אַ חנ׳עודיג פעטשיל.

סאָניאַ. מען טאָר נישט. געהט אָב אַ פּאָר שריט און קומט באַלד צוריק. איהר פאָהרט דאָך אַוועק! מיר וועט אַזוי לאַנגווייליג זיין.

עליאַש נאָכדענקענדיג. לאַנגווייליג? איהר געהט דאָך תנאים שרייבען.

סאָניאַ בלאַס און צעמישט. ווער האָט אייך דאָס געזאָגט?

עליאַש. סאָניאַ. סאָניאַ—איך ווייס אַלצדינג. ביי מיר האָבען זיך די אויגען געעפענט, וואָלט דאָס האַרץ מיינס נור געפאָלגט. איך ווייס, אַז דו ביזט פעהיג חתונה צו האָבען מיט וועמען עס איז פון גאַס. אַבי נור עס זאָל זיין אַ שידוך. איך ווייס, אַז דו ביזט גרייט אַוועקצוגעבען דיין שענקייט דעם ערשטען בעסטען. איך קאָן דאָך אַלע אייך... און דאָך,

סאָניאַ, האָב איך דיך ליעב. קוקט איהר אין די אויגען. ווייסטו כאָטש, ווי ליעב איך האָב דיך? ווייסטו, ווי איך קאָן זיך נישט העלפען?

**סאָניאַ.** באמת ליעב? נאַ-דיר מיין האַנד דערפאַר.

**עליאַש** שטעלט זיך אויף איבערראַשט. דו גיסט מיר דיין האַנד? ביזט מיינע?

**סאָניאַ** צעטומעלט. איך גיב אייך מיין האַנד, אַז מיר זענען גוטע פריינד. פויזע.

**עליאַש.** מעהר נישט ווי פריינד?

**סאָניאַ** שווייגט.

**עליאַש** שאַרפער. מעהר נישט ווי פריינד?

**סאָניאַ** שווייגט.

**עליאַש.** פאַרוואָס ענטפערסט דו נישט? סאָניאַ שווייגט ווידער. טאָ וועל איך רעדען פאַר דיר. לעגט די האַנד אויף איהר אַקסעל. האָרך! מיט נאָכדרוק. דו—האָסט—מיך—ליעב, נישט יענעם דאַנטיסט. וואָלט איך דאָס נישט געוואוסט, וואָלט איך אַזוי נישט געליטען. אָט דאָס איז די טראַ־געדיע, די פערשאָלטענקייט, וואָס איז נישט צו ברעכען, דו קאָנסט דיך פון דעם הויז נישט אַרויסרייסען, כאָטש דו ביזט פיעל בעסער און שענער ווי דו אַליין ווייסט. אָט די געלד פון דיין טאַטען, די גאַנצע אַטמאָספער דיינע, מאַכט מיך אונגליקליך, און—דיך!

**סאָניאַ** זעצט זיך צו צו איהם און גלעט איהם די האר. נו, זיי נישט בייז, עליאַש, זיי נישט בייז, איך בעט דיך.

**עליאַש.** איך בין נישט בייז. איך ווייס, נישט דו ביזט שולדיג, דאָס ליגט אין דיין בלוט, אָט אַזוי ביזטו. דו קאָנסט פיהלען, אָבער דו קאָנסט נישט געטרויען דיינע געפיהלען, נישט לעגען אויף זיי אַ ווערט. דו האָסט מיך ליעב? וואָסער ווערט האָט דאָס? דו ביזט דיין טאַטענס אַ קינד. די עפּעלעך פאַלען נישט ווייט פון בוים. אַדיע, סאָניאַ. געהט אָנטון דעם פּאַלטאָ.

**סאָניאַ** אונבעשטימט און טראַגיש. עליאַש... עליאַש...

**פאָרהאַנג**

## צווייטער אקט.

דערזעלבער צימער. אַזייגער צעהן אין דערפֿריה־
סאָניאַ שטעהט פֿאַר'ן שפּיגעל און קאַמט די
האָר. חיה קומט אַריין פערוויינט, נישט פֿערקעמט
און צעדולט.

חיה ווי פון אַ תחינה. אוי, אַ קלאָג צו מיינע שונאים'ס קעפּ! אוי, אַ צרה! אוי, אַ בראָך איז מיר ניט געשעהן! רבונו של עולם אין הימעל, פאַרוואָס האָסטו נישט רחמנות? טאָן-ענדערונג צו סאָניא'ן. און דאָס פּוצט זיך נאָך פאַר'ן שפּיגעל! אַזאַ אונגליק אין הויז. און זי האָט זיך צעפליאַסקעוועט די האָר! שרייט. ווער וועט דיך וועלען אָנקוקען איצט, חצופה? אַ משומד'ס אַ שוועסטער ווידער תחנה'דיג. אוי—אוי—אוי! ווער האָט זיך דאָס געקענט ריכטען? רבונו של עולם אין הימעל! מיין קינד, מיין בלוט... פערשאָלטען זאָל זיין דער בויך, וואָס האָט דאָס אויסגעטראָגען!..

סאָניאַ. ווען שילטסטו, מאַמע? וואָס זענען מיר שולדיג?

חיה. וואָס זשע זאָל איך טון? וואָס-זשע דען? וואָס-זשע דען? גיב אַנ'עצה.

סאָניאַ. זאָל דער טאַטע נאָכפאָהרען קיין קיעוו און איהם געבען דאָס געלד. ער האָט ערשט היינט אין דער פריה געזאָלט אָפּפאָהרען פון דאַנען. עס איז נאָך נישט צו שפּעט.

חיה פּראַקטיש. פון וואַנען וועל איך איהם נעהמען פינף טויזענד רובעל? אַ סך פינף טויזענדער רובעלס האָבען מיר? ער וויל דאָך אונז בדלות שטע-לען, און דו וועסט בלייבען זיצען ביז דיין גרויען צאָפּ.

עס קומט אַריין אַ יודינע פון אַ יאָהר פופציג, א שכנה.

שכנה. גוט מאָרגען, חיה-לעבען, גוט מאָרגען, סאָניאַשי, צ.. צ.. צ.. אַ, וואָסערע האָר! דו זאָלסט זיי ניט וואַשען מיט וואַרים וואַסער, הערסט?

סאָניאַ. אַ שענעם דאַנק פאַר דער עצה.

שכנה. וואו איז עפּיס נחום? נישטאָ אין דער היים?

סאניא בייז. אַ שענעם דאַנק פאַר דער פראַגע.

שכנה. וואָס זשע בייזערסטו זיך אַזוי? מען זאָגט עפּיס אין שטאָדט... וויים איך? בין איך געקומען געוואָהר ווערען!

חיה. די פּיסקעס זאָלען זיי אויסגעקרימט ווערען!

שכנה. ווייס איך וואָס? מען זאָגט, זאָג איך נאָך. ס'איז טאַקע וואָהר?

סאָניאַ שטעלט זיך אויף, בייז, ענערגיש. וואָס ווילט איהר, בל־ימה לאה? געבעטען צו גאַסט?

שכנה. אָ, רבונו של עולם, וואָסערע שענע האָר! זאָלסט מיר לע־בען און געזונד זיין, זאָלסט זיי ניט וואַשען אין ווארים וואַסער. הערסט, סאָניעשי?...

סאָניאַ. זייט אַזוי גוט און טראָגט זיך אָב איצט.

שכנה. איך געה, איך געה. זעה נור, ווי בייז דאָס איז, איך בין געקומען געוואָהר ווערען, נור געוואָהר ווערען. אָך, אַ וועלט, אַ וועלט!... אַרויסגעהענדיג. גדליה'ס זוהן זאָל אַוועקגעהן צו די גוים... אוי, ווען וועט שוין משיח קומען ו־ונז אויסצולייזען פון גלות!.. אָב.

צווייטע יודינע שטאַמעלט. גוט...ט מאָרגען. איך האָב די בעל־הבית'טע געוואָלט ברענגען אַ גאַנז אויף שבת, אַ גאַנז, אַ פעטע, נור ווייס איך?... ממ... מע זאָגט... נחום...

סאָניאַ. וואָס איז אייער באָבעס דאַגה? זעהט נור, אויך אַ מענש, און געקומען צו קריכען! געהט אייך געזונטערהייד.

חיה. וואָס וואַרפסטו זיך מיט מענשען? וואַרפען זאָל עס זיי—צו דער יודינע—וואו איז די גאַנז?

יודינע. די ג... גאַנז? איך וועל היינט קויפען אויפ'ן מאַרק, וועל איך ברענגען, אַ פעטע גאַנז.

סאָניאַ. ווער דאַרף אייך דאָ איצט?

יודינע. איך געה שוין... געזונד זאָלט איהר מיר זיין, ס'איז טאַ־קע וואָהר? אַזאַ אומגליק. מען דאַרף קריעה רייסען און שבעה זיצען, גע־זונד זאָלט איהר מיר זיין... אַ גוטען מאָרגען, חיה לעבען, איך וועל ברע־נגען אַ גאַנז אויף שבת... אַ פעטע. אָב.

חיה צעוויינט זיך אין אַ תחינה־ניגון. אוי, וואָס זשע טוט מען, וואָס זשע טוט מען, גנעדיגער גאָט אין הימעל? וואָס גיט מען זיך פאַר אַנ' עצה, אַלמעכטיגער גאָט פון ישראל! אַ דונער פון הימעל האָט דאָך אונז געטראָפען. רופט אין דעמזעלבען טאָן. עטאַ, עטאַ, עטאַ! עטאַ קומט אַריין. ברענג אַריין דאָס פיסען־בענקעלע, וועל איך מיך זעצען שבעה...

עטאַ ברענגט אַריין דעם פיסענבענקעלע. ברענגען דעם סידור, צי די צאינה וראינה?

סאָניאַ נעהמט דעם פיסענבענקעל און שליידערט עס אַוועק. וואָס איז דאָס פאַר אַ ווילדקייט? ווילדע מענשען! אָנשטאָט עפּיס צו טון, נעהמט מען גאָר פּראַווען צערעמאָניעס. איך וויל נישט האָבּען אַ בּרודער אַ משומד, און דו וועסט נישט האָבּען אַ קינד אַ משומד... דער טאַטע וועט איהם בּרענגען.

עטאַ פערטרוויט צו סאָניאַ'ן. דער טאַטע איז נאָכגעפאָהרען קיין קיעוו?

סאָניאַ ענטפערט איהר נישט און ענדיגט איהרע האָר פערקעמען; עטאַ יועגדט זיך צו דער מוטער.

עטאַ. דער טאַטע איז נאָכגעפאָהרען קיין קיעוו?

חיה. איך וויים נישט, טאָכטערשי, איך וויים נישט... אוי, בּרענג אַ גלעזיל טיי, איך פאַל חלשות, חלשות פאַל איך.

סאָניאַ דרעהט זיך אוים פון שפּיגעל. איך זאָג: ער איז נאָכגעפאָהרען. מען ווערט נישט געבּוירען און מען ווערט נישט פערלאָרען מיט פינף טויזענד רובּעל.

גדליה קומט אַריין האַסטיג. אַ צערודערניש.

חיה. נו?

סאָניאַ. דער טאַטע איז גאָר דאָ?

עטאַ. דער טאַטעשי איז נישט געפאָהרען?

גדליה. שא! וואָסערע גוואַלדען? פערטשעפּעט זיך מיט די פים אָן פיסבענקעלע און פאַלט שיער נישט. סאָניאַ דערהאַלט איהם.

סאָניאַ. די מאַמע האָט שוין געוואָלט שבעה פּראַווען. וואָס הערט זיך, טאַטע?

גדליה. וואָס עס הערט זיך? דיר זאָל איך זאָגען? דיר? דו בּיזט דאָך מיט איהם אין איין עצה אַנטקעגען מיר, אַנטקעגען טאַטע־מאַמע און אַנטקעגען דיר אַליין... מ'שטיינם געזאָגט...

סאָניאַ. איך בּין נישט אַנטקעגען דיר, טאַטעשי. איך זאָג נור, אַז איידער צו האָבּען אַ משומד אין דער משפחה, איז גלייכער שוין, זאָל קאָסטען פינף טויזענד רובּעל. מיר זענען דאָך עפּים יודען...

גדליה קוקט איהר אין די אויגען אַריין, נאָכדענקענדיג. ווי האָסטו געזאָגט? מיר זענען דאָך עפּים יודען? יאַ, מיר זענען; פרעג נור נחום'ען, צי ער איז?

סאָניאַ נאָכדריקליך. איך בּין אַ יודישע טאָכטער!

ח י ה. אָך און וועה איז צו דיין יודישקייט! מיט אַ וואונק צו גדליה׳ן. נו?

ג ד ל י ה. טראָג מיר אַרויס דאָס פּיסבּענקעלע און גרייט צום טיש אויף אָנבּייסען. גיט אַ וואונק צו חיה׳ן, אַז עס איז גוט. די דיענסט בּרענגט אַריין אָנבּייסען. גדליה וואַשט זיך, ווישט אָפּ די הענד, זאָגט „המוציא" און שאָקעלט זיך דערבּיי, פערגעסט צו עסען, טראַכטענדיג.

ג ד ל י ה אויפגערעגט, צו זיך אַליין רעדענדיג. און וואָס וועט זיין ווייטער? ווייטער?

ס אָ נ י אַ. וואָס איז דען איצט? דער טאַטע לאָזט איהם פאָהרען קיין קיעוו?

ג ד ל י ה. קיין קיעוו וועט ער שוין נישט פאָהרען. מען לויפט נאָך נישט אַזוי גיך, און מען שמד׳ט זיך נישט אַזוי גיך, פערשטעהסט?

ח י ה. וואו איז ער?

ג ד ל י ה. ער איז דאָ אין שטאָדט, דער תכשיט, מען וועט איהם באַלד בּרענגען צו פיהרען.

ס אָ נ י אַ. וואו איז ער דען?

ג ד ל י ה. אין דער פּאָליציי איז ער, מען האָט איהם פערהאַלטען בּיי דער בּאַהן.

ס אָ נ י אַ שפּרינגט אויף פון טיש. אוי איז צו מיינע יאָהרען! האָסט איהם געלאָזט אַרעסטירען? דו? אַ טאַטע? אַנ׳אייגען קינד?!

ג ד ל י ה. שריי נישט, שריי נישט, מען וועט איהם ניט אויפהענגען. מען בּרענגט איהם בּאַלד צוריק. איך האָבּ אונטערגעשריבּען אַ פּאַפּיר, אַז איך וועל אויף איהם אַכטונג געבּען.

ס אָ נ י אָ. אָבּער דו האָסט געלאָזט אַרעסטירען?

ג ד ל י ה שאָקעלט זיך נאָכדענקענדיג. איינמאָל פרעג איך דיך, וואָס איז דאָס דיין דאגה? צווייטענס, פרעג איך דיך, פון וואַנען ווייסטו, אַז איך אפשר גלאַט אַזוי? -- און דריטענס, מיין טאָכטער — מ׳שטיינס געזאָגט, בּיזט דאָך אַ טאָכטער, וואָס קען מען טון? טראַגיש מיט טרערען אין דער שטים. פרעג איך דיך: און אַז יאַ, איז וואָס? ער מיך מעג הרג׳ען, צולעגען אַ מעסער צום האַלז, און איך טאָר מיך אַפילו ניט וועהרען? שרייענדיג. ער האט מיך אָנגעכאפּט פאַר׳ן האַלז, ווי אַ גזלן! ער איז דען אַ מענש? אַ גזלן איז ער, אַ הארץ, ווי אַ שטיין! דו וועסט איהם נישט איבּעררעדען, דו וועסט דיך מיט איהם ניט אויס׳טענע׳ן! אַהער—געלד—גיבּ! אַ גזלן, נישט קיין קינד. צו זיך. און גאָרנישט וועט העלפען.

סאָניאַ. אַז אין דעם הויז איז אַ צערודערניש, דאָס איז דען אַ פֿאַ־
מיליע? אַ הויז ווי בײַ לײַטען? דאָ געהט אַלץ קאַפּויר; דאָ געהט איינער
אַנטקעגען דעם אַנדערן, דאָ זענען אייגענע קינדער—שטיף־קינדער, אייגע־
נע עלטערן—שטיף־עלטערן.

גדליה. אָט האָסטו עס! גענומען לעקציעס בײַ נחום׳ען. מילא
יענער איז כאָטש געווען אין אוניווערסיטעט, האָט ער זיך אויסגעלערנט
די תורה. פֿון ווען אָן ביזטו דאָס אַזוי קלוג געוואָרען?

סאָניאַ. פֿון ווען אָן איך זעה, אַז אין דעם הויז איז קיין עלטערן־
ליעבע ניטאָ און קיין קינדער־ליעבע. דאָ איז אַ תּפֿיסה, וואו מען האָט צו־
זאַמענגעפֿיהרט אַרעסטאַנטען, וואָס האָבען פֿיינט איינער דעם אַנדערן און
מוזען לעבען צוזאַמען.

חיה. געֶנוג דיר שוין פּיסקעווען.

סאָניאַ. אָט האָסטו—„פּיסקעווען". טראַגיש, כמעט וויינענדיג. דאָס הויז
האָט מיך פֿערדאָרבען. גיפֿט האָט עס מיר געגאָסען אין האַרצען. איך האָב
געקענט ליעב האבען, געליעבט זיין, האָבען אַ פֿאַמיליע, אַ הויז, איצטער
וועל איך האָבען אַ מאַן... אַ פֿרעמדער, צוויי אַרעסטאַנטען אין איין תּפֿיסה.

גדליה ווייך. וואָס איז דיר, טאָכטער? וואָס ווינסטו?

חיה. זי האָט זיך פֿערבענקט נאָך יענעם שלים־מזל מיט׳ען קאָזע־
בערדיל.

סאָניאַ שטעהט אויף מיט כעס און שלײַדערט דעם בענקיל. שווייג,
זאָג איך דיר, שווייג! איהר זענט אַלע ניט ווערט צו דערמאָנען זיין נאָ־
מען. אָב.

גדליה. וואָס איז דאָס ווידער, חיה? ווייסט נישט?

חיה. דער יונגערמאַן, דער, דער סאָציאַליסט מיט׳ן בערדיל, ווי
הייסט ער דאָס? עליאַש האָט איהר פֿערדרעהט דעם קאָפּ.

גדליה. נו?

חיה. נו, וואָס? זי האָט דאָך איהם אַליין געהייסען געהן זיין וועג.

גדליה גיך און צערודערט. טו וואָס וויל זי?

חיה. אַדרבא, געה פֿרעג זי. דו וועסט דען בײַ זיי דערגעהן עפּיס?
ז׳איז ווילד, משוגע... אַז דער דאַנטיסט איז געקומען צו איהר יענע וואָך,
האָט ער זי געטראָפֿען מיט פֿערוויינטע אויגען. אָנשטאָט צו פֿרעהען זיך
מיט איהם, האָט זי אָנגעהויבען בענקען... זיפֿצען, שמיפּצען... יענער ליגט
איהר אין קאָפּ.

גדליה שטעלט זיך אויף, געהט איבער'ן שטוב, שטעלט זיך אָב און מאַכט אַ פערצווייפעלטע בעוועגונג מיט דער האַנד. איך הויב נישט אָן צו פערשטעהן. מיינע קינדער—און נישט צו וויסען פון דאַן ביז אַהין! עפּעס בורקעוועט בײַ זיי אין די הערצער, און געה וויים, וואָס! וואַשט די הענד, נעהמט בענשען. הזן ומפרנס את הכל...

עס קומט אַריין נחום, בלאַס, בייז, נישט אויסגעשלאָפען. חיה, דערזעהענדיג איהם, לויפט אַריין אין צווייטען צימער.

גדליה נעהמט בענשען מיט'ן גאַנצען כח, שאָקעלט זיך. ומכין מזון לכל בריותיו... אום—אום... ווייזט אָן נחומ'ן מיט'ן האַנד, ער זאָל עסען.

נחום שמייכעלט סאַרקאַסטיש. אין וועל נישט פערהונגערן, טאַטע. געה ליעבער אַרויס און גיב עפּיס דעם גאָראָדאָוואָי פאַר'ן וועג, וואָס ער האָט מיך אָבגעפיהרט אַהיים.

סאָניאַ קומט אַריין. ביזט גאָר דאָ, נחום?

נחום. דאָ בין איך; אונזער טאַטע איז אַ גרויסער חשוב בײַ דער פּאָליציי, ווי דו זעהסט.—אַ פּיפּס געגעבען, און מען האָט מיך אַרעסטירט בײַ דער סטאַנציע. מיר קענען שטאָלצירען מיט אזא טאַטען.

גדליה. אום—אום—אום... מען וועט זיך שוין אויס'טענ'ען, מען וועט זיך שוין אויס'טענען...

נחום. איך האָב נישט וואָס צו טענ'ען. דו וועסט מיך מיט שטריק דאָך ניט צובינדען. איך וועל געפינען דעם וועג קיין קיעוו.

חיה קומט אַריין. געה עפּיס עסען, נחום, ביזט דאָך אַודאי הונגעריג?

נחום. איך בין זאַט, מאַמע, זאַט, שטאַרק זאַט.

סאָניאַ. דער גאָראָדאָוואָי וואַרט דאָרטען.

גדליה רוקט איהר אַ מטבע אין האַנד און ווינקט איהר מיט דער האַנד, זי זאָל אַרויסטראָגען דעם גאָראָדאָוואָי.

סאָניאַ שלײַדערט די מטבע מיט כעס אויפ'ן טיש. איך בין דיר מוחל אַזוינע שליחות'ן!

גדליה. מילא... געהט אַליין אַרויס.

נחום. ווען איך בין אַרויס פון דעם הויז, בײַנאַכט, האָט מיר דאָס האַרץ געקלעמט. איך וועל עס שוין קיינמאָל מעהר נישט זעהן, האָב איך געטראַכט. אויף אַזוי עפּיס האָב איך מיך נישט געריכט! גדליה קומט אַריין. קלערסט מיך טאַקע צו אַרעסטירען בײַ דיר אין הויז, טאַטע?

גדליה. „טאַטע“. אַ טאַטע בין איך דיר? ווי קומט דיר, זאָג מיר, אַזאַ וואָרט אין מויל אַריין? „טאַטע“! „טאַטע“ —

נחום. ווי דען זאָל איך זאָגן? ר׳ גדליה? פּאַניע פינגעלגרין? אי־בעריגענס, ווי עס זאָל נישט זיין, איך וועל מיך קיינמאָל נישט אָבזאָגן דערפון, אַז דו ביזט מיר אַ טאַטע... בלוט איז בלוט, איך ווייס דאָס צו גוט, און דאָס קאָסט מיך מיין לעבען...

גדליה. הייסט עס, בין איך יאָ אַ טאַטע? טאָ, אַדרבא, זאָג מיר, — זעץ זיך אַנידער און לאָמיר רעדען. נחום זעצט זיך. טאָ וואָס זשע, אַז איך בין אַ טאַטע? וואָס הייסט דאָס?

נחום. דאָס הייסט, אַז ווען איך קוק אַריין טיעף אין מיין אייגע־נער נשמה, דערזעה איך דיך, ר׳ גדליה פינקעלגרין פון יאַשינאָוו, און איך ווייס, אַז פון דער אייגענער הויט אַרויס קאָן איך נישט שפּרינגען, אַז איך טויג צו גאָרנישט, סיידען צו מאַכען אַ גוטע קאַריערע און געלד צו פערדיענען.

גדליה. איך פערשטעה נישט, וואָס דו רעדסט. איך פערשטעה נישט! איך פערשטעה נישט! „ער טויג צו גאָרניט, סיידען געלד צו פער־דיענען“. הייסט עס, אַז געלד פערדיענען און אַ גוטע קאַריער מאַכען—דאָס איז צו גאָרנישט טויגען. ווען זשע טויג מען יאָ צו עפּיס? אַז מען לויפט אַרום פּוסט און פּאַס?

נחום. אָט וועל איך נישט אומגעהען פּוסט און פּאַס, וועל ענדי־גען און זיין אַ מענש.

גדליה. אַ גוי וועסטו זיין, אַ משומד...

נחום. אָבער געלד פערדיענען, טאַטע, וועל איך, געלד... געלד...

גדליה. געלד... געלד... איך פערשטעה דיך, איך פערשטעה! וואָלטען די קינדער אַזוי נור פערשטאַנען די עלטערן, ווי די עלטערן די קינדער. געלד... געלד... פאַר מיינעטוועגען אַרבייט איך? איך בין דאָך אַ יוד אַ בעל־הבית אין שטאָדט, האָב ווייב און קינד, מען פיהרט אַ הויז. דו קאָנסט דען דאָס פערשטעהן?

נחום הויבט זיך אויף פון בענקיל. דערויף האָסטו מיך אַהיים גע־שלעפּט מיט פּאָליציי? איך האָב דיך נור געוואָלט פרעגען, וואָס מיינסטו דערמיט?

גדליה. געוואַלד געשריען! ביזט דאָך ערגער ווי אַ רוצח, מיט אַ גולן אַפילו קאָן מען דאָך רעדען.

סאָניאַ קומט צו צום טיש. וואָס וועט זיין פון רעדען?

חיה. סאָניאַ, סאָניאַשי, לאָז זיי. לאָז זיי, איך בעט דיך.

נחום זעצט זיך צוריק. איבעריגענס, לאָמיר רעדען, מיר רעדען אפשר צום לעצטען מאָל.

גדליה. און דו, חיה, זעץ זיך אוועק, און דו, סאָניאַ, אויך. אַדרבא, לאָמיר זיך דורכשמועסען געלאַסען. אפשר ביזט דו גאָר גערעכט. יעדער איז דאָך א מענש פאַר זיך. דו וועסט זיך שמד'ען. ס'איז בעסער פאַר דיר, איך וועל צוזאַמענגעהמען מיין ביסעל געלד און איך וועל מיר אַוועקפאָהרען אין דער וועלט אַריין לעבען אַ טאָג. — ווי דו קוקסט מיך אָן, וואָלט איך גאָר געוועזען אַ בעלן דערויף — אַי די מאַמע? איז זי אויך אַ מענש פאַר זיך, וועט זי געהן פאָדלאָגעס וואַשען, און סאָניאַ — זאָל זי אויך זאָרגען פאַר זיך, און עטא אויך... אַז יעדער איז בעזונדער, יעדער — נור פאַר זיך, פאַר זיך אַליין. פויזע. וואָס זשע שווייגסטו, נחום?

נחום. איך האָב גאָר נישט צו ענטפערן דערויף. דו ביזט גערעכט, כשר גערעכט. גרויסאַרטיגער מוסר, ערשטקלאַסיגע מאָראַל... מען דאַרף נישט זיין קיין עגאָאיסט. פאַר זיך אַליין זאָרגען. — טפוי!

חיה. אַודאַי, אַודאַי... אָט אַזוי...

גדליה גיט איהר אַ שטויס. נאַר דו איינער! ער לאַכט דאָך פון אונז, ער שפּעט נאָך... בהמה!

חיה. מיינע שונאים!

סאָניאַ. נישטאָ, וואָס נאָכצושפּאָטען. מען דאַרף דען טאַקע געדענקען נור אין זיך אַליין? אַז דיך אַרט ניט צו שמד'ען זיך, דאַרפסטו געדענקען, וואָסערע צרות דו טוסט אונז אָן דערמיט.

נחום. סאָניאַ! דיר וועל איך ענטפערן אַנ'אַנדער מאָל. איצט רעד איך מיט'ן טאַטען. איך בין אַנ'עגאָאיסט, טאַטע, אָט אַזוי ווי דו ביזט, אָט אַזוי ווי זי איז, טייט אויף סאָניאַ'ן. ווי מיר אַלע זענען. איך האָב עס איינגעזויגען מיט מיין מאַמעס מילך, פון קינדהייט אָן ביז צום היינטיגען טאָג, אז מען מעג אַלץ טון, אַז קיין זאַך איז נישט פערבאָטען...

גדליה. אָבער א יוד ביזטו דאָך, ווי וועסטו דאָס נעהמען און ווערען אַ גוי? ווי? ווי?... אָב'טובל'ען זיך, און פאַרטיג! קוקט אָן דעם גוי! חאַ, חאַ, חאַ!

נחום. אויף מיין עהרליך וואָרט, ס'איז צום לאַכען. און אפשר גאָר צום וויינען, ווייל אַ גוי וויל איך נישט זיין, פונקט אַזוי ווי איך בין נישט

קיין יוד. גויאישקייט—יודישקייט—ווי קום איך צו אַזוינע זאַכען? איך קאָן מיין גלויבען נישט בייטען, ווייל איך האָב קיין גלויבען נישט. איך בין אַ קינד פון אַ פערדאָרבען הויז, אַ פערדאָרבענער זוהן פון פערדאָרבענע עלטערן.

חיה. מיינע שונאים!

גדליה. לאָז איהם. לאָז איהם! זאָל ער רעדען, אַראָבּרעדען אַלץ, אַלץ פון הארץ. לאָז מיר איינמאָל כאָטש וויסען, וואָס ביי איהם אין קאָפּ טוט זיך. זאָג זשע, נחום, בין איך גאָר שולדיג, אַז דו ווילסט זיך שמד'ען? איז די מאַמע שולדיג?

נחום הויבט זיך אויף, דרעהט זיך אַרום אין צימער, קומט צוריק. ווילסטו אַנ'ענטפער? אַ קלאָרען ענטפער? אָט איז ער—יאָ. דו ביזט שולדיג, און זי—טייט אויף דער מוטער—זי איז שולדיג.

חיה. רבונו של עולם אין הימעל! אַלע מיינע בייזע חלומות...

גדליה בייז. לאָז איהם, האָב איך דיר געזאָגט. שרייט לאָז איהם! זאָל ער רעדען! זאָל ער!..

נחום. גוט, אַז רעדען, זאָל זיין גערעדט! אויב איך האָב קיין גאָט אין האַרצען נישט, ביזטו שולדיג; אויב איך האָב קיין שום גלויבען נישט, אויסער אין גענוס און וואוילטאָג, ביזטו שולדיג; אויב קיין זאַך אין דער וועלט איז ביי מיר נישט הייליג, ביזטו שולדיג; אויב איך בין אַנ'עגאָאיסט, און אַ געמיינער טרוקענער עגאָאיסט, ביזטו שולדיג. דיין קינד בין איך. די עפּעלעך פאַלען נישט ווייט פון בוים.

גדליה. איבער מיר האָסטו קיין גאָט אין האַרצען ניט! איך בעט דיך—אין הדר האָסטו געלערנט? רבי־געלד האָב איך געצאָהלט? תפילין האָב איך דיר געקויפט? ווער האָט דיך געלעהרנט צו זיין אַ הפקר־יונג, אַנ'אפיקורס? איך?..

נחום. דו! דאָס דאָזיגע הויז האָט מיך אויפגעצויגען אַזוי. דו האָסט רבי־געלד געצאָהלט? אָ, יאָ! אָבער וואָס האָסטו אַליין מיט מיר געלעהרנט, מיט דיין אייגענעם ביישפּיעל? אָט וואָס! צו זיין אַ ציניקער און אין גאָר־נישט צו גלויבען, נישט אַפילו אין אונזער אַלטען יודישען גאָט. נישט די גאַנצע יודישקייט האָט ביי מיר עפּיס אַ ווערט געהאַט, נאָכדעם ווי איך, אַ קינד פון זעקס יאָהר בין איך דעמאָלט געווען, אַ פרום קינד, האָב דיך געזעהן בעהאַלטען זיך שבת אין אַ בעזונדער צימער און אונטערשרייבען אַ פּאַפּיר און אַריינלעגען אין אַ קאָנווערט. איך האָב דעמאָלט געוויינט, גע־

קריצט מיט מיינע קינדערשע צייה־דערלעך, ווען אַ שעה דערנאָך האָבטו געזונגען זמירות מיט חסידים צו שלש סעודות. וואָסער מוסר האָב איך געזאָלט אַראָבלערנען דערפון? אַז דיין אייגענע פרומקייט האָט קיין קאָפּיקע קיין ווערט נישט. אָדער ווען דער קאַפּראַל, אַ מגושמדיגער גוי, פלעגט אַריינקומען און ערלויבען זיך אַ גלעט געבען דער מאַמען, און דו האָסט איהם גאָרנישט געזאָגט...

חיה. אוי, איך פאַל חלשות, ניט גוט איז מיר!

גדליה צו חיה'ן. געה, געה אריין אין דער צווייטער שטוב. געה דו אויך, סאָניאַ. זיי טוען דאָס.

נחום. יאָ! איך וועל מיך ניט אָבשטעלען אין מיטען...

גדליה. רעד! רעד! רעד!

נחום. אין דעם דאָזיגען הויז איז קיין זאַך נישט טייער געווען, קיין זאַך נישט הייליג, דיין גאַנץ לעבען שפּיעלסטו די ראָל פון אַ פרומען. און אַליין ביזטו גרייט געווען צו טון אַלץ, אַלץ! דו גלויבסט נישט, דו האָסט קיין גאָט אין הארצען ניט און דו שפּיעלסט דיין גאַנצען לעבען אַ קאָמעדיע. איך בין געשטאַנען הינטער די קוליסען און האָב געזעהן. איצט, אַז עס האַנדעלט זיך אום פינף טויזענד רובעל, קומסטו מיר זאָגען מוסר, קומסטו מיר פּרעדיגען יודישקייט, מאָראַל, אַלטרואיזם, זאָרג פאַר דער פאַמיליע. פון וואַנען האָב איך די אַלע זאַכען געזאָלט נעהמען? פון וועמען לערנען?..

גדליה אויפגערעגט, נור בעשטימט. רעד! רעד! ווייטער! נישט שטעל זיך אָב.

נחום. איך וויל דיר נור זאָגען, אַז איך בין דיין קינד.

גדליה. דו—ביזט—מיין—קינד. — און אָט זאָג איך דיר! דו—ביזט—נישט! דו ביזט נישט! מיר, די אַלטע, די נישט־געבילדעטע, לויפען זיך נישט שמד'ען אַבי עפּיס וואָס, און אַז מיר זענען אַ מאָל נישט פרום, וואָס איז? אָבער מיר האָבען די העלזער אויסגעשטרעקט אין געשריען שמע ישראל און געשטאַנען פאַר אונזער יודישקייט. די בריק זענען מיר נישט אַריבער. דאָ זענען מיר געבליבען שטעהן און נישט ווייטער. איהר, די געבילדעטע, וואָס איהר זענט געפאָהרען אַזש קיין שווייץ לערנען חכמה און מענשליכקייט, איהר זענט דאָס גרייט צו לויפען צום טייוועל, טאָמער, חלילה, פעהלט אייך אוים אויף אַ ציגאַר. פאַר אַ ציגאַר, פאַר אַן׳אויסגע־

לאַסענער הולטייקע זענט איהר גרייט אַוועקצוגעבען אַלץ: אייער יודישקייט, טאַטע—מאַמע—איך קאָן אַייך נישט?..

נחום. אויב די יודישקייט איז דיר טאַקע אַזוי טייער, טו בעצאָהל דערפאַר. פויזע.

גדליה. הער... נעהמט איהם פאַר'ן לאַץ. הער, איך האָב דיך נישט אַהיים געבראַכט דיך צו האַלטען. דו בעקומסט די פינף טויזענד רובעל, העניסט? די גאַנצע פינף טויזענד. אַ גראָשען וועט נישט פעהלען, איך וועל מיך נישט דינגען. דו בעקומסט, זאָג איך דיר, דו בעקומסט! קורצע פויזע.

נחום שטעהט איבערראַשט, ווי בעזיגט, די אויגען אראָפּגעלאָזט. גדליה בעטראַכט איהם, צו זעהן, וואָס פאַר אַנ'איינדרוק די ווערטער האָבען געמאַכט אויף איהם. וואָס זשע שווייגסטו?

נחום. אויב אַזוי, האָב איך ניט וואָס צו רעדען.

גדליה. איך האָב נאָך וואָס צו רעדען. וואָס ווילסטו טון מיט די פינף טויזענד רובעל?

נחום. פאָהרען קיין שווייץ ענדיגען מיין שטודיום.

גדליה. ווי אַזוי וועל איך זיכער זיין, אַז דו וועסט דאָס געלד נישט פערהולטייעווען אין איין חודש?

נחום. וועל איך האָבען צו זאָרגען פאַר זיך אַליין.

גדליה. ווי אַזוי וועל איך זיכער זיין, אַז דו וועסט נישט קומען אַ צווייטען מאָל בעטען, שוין נישט פינף טויזענד רובעל, נור צעהן טויזענד רובעל? אַז איך בעצאָהל פינף טויזענד רובעל פאַר דיין יודישקייט, מוז איך דאָך זיין זיכער דערמיט. בין איך גערעכט?

נחום פייערליך. איך גיב דיר מיין עהרען־וואָרט.

גדליה. דיין עהרען־וואָרט גיסטו מיר? או—הו! אַ שטאַרקע בטיחות! דיין עהרען־וואָרט! דו זאָגסט דאָך אַליין, אַז ביי דיר האָט קיין יושר, קיין מאָראַל, קיין שום וואָך קיין ווערט נישט. טאָ וואָס זשע גיסטו מיר דיין עהרען־וואָרט? איך מיין נישט קיין שפּאַס, דו ביזט דאָך נישט קיין נאַר. איך מוז דאָך האָבען עפּיס אַ בטיחות.

נחום. ווייס איך? איך קאָן גאָר נישט צוטראַכטען, אפשר ביזטו גערעכט, איך בין גרייט צו געבען וואָסערע בטיחות דו ווילסט.

גדליה. וועלען מיר טון, וואָס מען טוט אין אַזאַ פאַל, אַז מען וויל זיין זיכער. דו ווייסט דאָך, מען נעהמט אַ וועקסעל, מען שרייבט אונ־טער אַ פרעמדען נאָמען פון אַ רייכען מענשען, און אויף דער צווייטער

זייט התמ׳עט מען דעם אייגענ(ע)ם נאָמען. מיט אזא וועקסעל קען איך דיך לאָזען זעצען אין טורמע, אויב דו וועסט נישט האַלטען וואָרט. איך קאָן דעם וועקסעל אַוועקגעבען אַ פרעמדען מענשען, און יענער וועט דיך אָנ־קלאָגען פאַר מאַכען אַ פאַלשע חתימה. ס׳איז אַ פשוט׳ע זאך, דיך קאָסט עס קיין געלד נישט, און איך בין זיכער, אַז איך האָב מיך איינמאָל אויס־געקויפט.

נחום נאָכדענקענדיג. פאַלשע חתימות זאָל איך מאַכען? איך וויל אַ סוף מאַכען און אַוועקפאָהרען קיין אויסלאַנד. מעהר גאָרנישט...

גדליה. נו?

נחום. אַ פאַלשען וועקסעל... אַ פאַלשע חתימה... לאָמיך אָבפאָה־רען פון דאַנען, לאָמיך אַרויס פון דאָס אַלץ.

גדליה. אַוודאי וועסטו פאָהרען. פערגעס נישט, דו וועסט דאָך פאָה־רען, ווי אַ באַראָן, מיט פינף טויזענד רובעל אין קעשענע; וואָס וועט דיר פעהלען? איך וואָלט בנאמנות געוואָלט מיטפאָהרען מיט דיר.

נחום. גוט! איך שרייב אונטער!..

גדליה נעהמט אַרויס פון בוזים־קעשענע דעם טייסטער, נעהמט אַרויס אַ בלאַנק פון אַ וועקסעל, לעגט אידם אויפ׳ן טיש פאַר נחום׳ען.

גדליה. אָט איז אַ פעדער און אָט איז טינט.

נחום. וואָס זאָל איך שרייבען?

גדליה. שרייבען? גאָרנישט. אָט אויף דער זייט שרייב אונטער „פ. טרייטעל", צוויי מאָל, אָט דאָ. נחום טוט עס. לאָז עס אויסטריקענען... אָט אַזוי איז גוט. און איצט—ער דרעהט איבער דעם וועקסעל אויף דער צוויי־טער זייט—וועסטו אונטערשרייבען דיין אייגענעם נאָמען.

נחום שרייבט אונטער. עס קומט מיר פאָר, ווי די מעשיות וועגען שטן, וואָס קויפט אָב אַ נשמה, עפּיס אַזוי סודות־פול. וואָס שרייב איך אונטער? דאָ איז דאָך גאָר דיין נאָמען ניטאָ.

גדליה. מיין נאָמען דאַרף נישט זיין. נעהמט דעם וועקסעל, בעטראַכט אויפמערקזאַם. אויספילען דעם וועקסעל קאָן אַנ׳אַנדערער און מאָנען ביי דער פירמאַ פ. טרייטעל, לאָמיך זאָגען, פינף טויזענד רובעל. און פ. טרייטעל וועט טענ׳ען, עס איז נישט זיין חתימה, וועט מען מאָנען ביי דיר—דו ביזט דער זשיראַנט—און אויב עס וועט זיך ארויסוויייזען, אַז דו האָסט די אונטערשריפט געפעלשט, וועסטו געהען זיצן אין טורמע... אָט

אַזוי, נעהמט דעם וועקסעל, לעגט איהם אויף און לעגט איהם אַריין אין טייסטער.

נחום אונרוהיג. וואָס זאָל דאָס בעדייטען?

גדליה. איצט וואַש זיך און עס. ביזט דאָך הונגעריג.

זם. וואָס? וואָס איז דאָס?!

גדליה. פון מיינעטוועגען קענסטו עסען אָהן געוואַשען, מיך וועט מען ניט שמייסען פאַר דיינע זינד.

נחום. דעם וועקסעל גיב מיר צוריק! וואָס האָסטו איהם אין קעשענע אַריינגעלעגט?!

גדליה. ער ליגט אין אַ זיכערן אָרט ביי מיר אין טייסטער.

נחום אלץ אונרוהיג. וואָס ווילסטו דאָס טון? אין אַ שטאַרקערן טאָן. גיב מיר אָב דעם וועקסעל!

גדליה שמייכעלט סאַרקאַסטיש. וואָסער וועקסעל? וועלכער וועקסעל? ציהט מיט די פלייצעס. איצט קאָנסטו זיך לויפען שמד'ען, וועסט ענדיגען דיין קורס אין טורמע, אָנשטאָט אין אוניווערסיטעט. אויב דו וועסט נאָך אַ וואָרט רעדען וועגען שמד.

נחום קלאַפּט אין טיש. דעם וועקסעל זאָלסטו מיר דאָ אַהערגעבען, אָדער געלד. דעם וועקסעל, אָדער דאָס געלד! וואָס איז דאָס?!

חיה, סאָניאַ און עטאַ קומען אַריין ביי דעם לאַרעם.

חיה. וואָס קריגט איהר זיך?

עטאַ צו סאָניאַ'ן. וואָס שרייט ער, סאָניאַ?

סאָניאַ. וואָס איז געשעהן, טאַטע?

נחום. ער האָט מיך אויסגענאַרט; ער האָט פון מיר אַרויסבעקומען אַ וועקסעל מיט אַ פאַלשער חתימה! העפטיגער. גוואַלד! איך וועל דאָס הויז אומברענגען, איך וועל דיך...

גדליה. ער איז משוגע אָדער חסר דעה. וואָס שרייסטו?! דיין שרייען וועט דיר נישט העלפען. געלד וועל איך דיר נישט געבען. קאָנסט פאָהרען זיך שמד'ען, איך וועהר דיר נישט.

נחום ווילד, מאַכט אַ בעוועגונג, ווי ער וואָלט זיך וועלען וואַרפען אויפ'ן פאָטער. איך—וועל—

סאָניאַ שטעלט זיך אין וועג. נחום! נישט וואַג אויפצוהויבען אַ האַנד! דאָס איז אונזער פאָטער!..

חיה. נחום'שע, וואָס טוט זיך מיט דיר?

נחום. איהר ווייסט נישט, וואָס ער האָט געטאָן,—ער האָט ביי מיר

אויסגענאַרט אַ וועקסעל מיט אַ פאַלשער חתימה, ער וויל מיך לאָזען אײַנזעצען אין טורמע. געהט ווידער נעהנטער צום פאָטער. דעם וועקסעל גיב אָב, זאָג איך דיר, אויב דיין לעבען איז דיר ליעב!..

גדליה. וואָס וועקסעל? ווער וועקסעל? דו סטראַשעסט גאָר צו הרג'ען?!

סאָניאַ געהט צו צום פאָטער. מיט טרערען. טאַטעשי, וואָס איז געשעהן? טשעפּע איהם נישט, ער וועט זיך ניט שמד'ען, ער סטראַשעט נור. ווייך אוו צערטליך. איך בעט דיך.

חיה דערוועהענדיג, וואָס דאָ איז געשעהן, רוקט זיך אָב. קום, עטאַ לעבען, קום. פיהרט זי אַרויס בייַ דער האַנד און געהט אַליין אַרויס.

גדליה צו סאָניען. דו בעטסט מיך? פרעג איהם, צי ער האָט אַ ברעקיל רחמנות אין האַרצען, צי ער געדענקט אָן טאַטע מאַמע, אָן דיר, אָן אונז אַלע. פרעג איהם.

נחום. דעם וועקסעל גיב אָב! דעם וועקסעל!

גדליה. נור ניט סטראַשע מיט געשרייען. בערוהיג זיך קודם כל, רוהיג זיין, זאָג איך.

נחום. דו האָסט מיך אויסגענאַרט. דו האָסט מיך געפאַנגען אין אַ נעץ. סאָניאַ, זיי אַנ'עדות, אַז ער האָט בייַ מיר אויסגענאַרט אַ וועקסעל!

סאָניאַ. וואָסער וועקסעל? איך ווייס פון גאָרנישט צו זאָגען, בערוף זיך נור נישט אויף מיר.

נחום זעצט זיך אַנידער פערצווייפעלט אויף אַ בענקיל. אַזוי?! דו אויך מיט זיי? דו אויך? איצט וועט ער זיך נוקם זיין אָן מיר. רייסט זיך ווידער אויף. גיב אָב, זאָג איך דיר, גיב אָב דעם וועקסעל!

גדליה. הער אויף צו לאַרימען. וואָסער וועקסעל? איך ווייס נישט פון וואָס צו זאָגען. געהט צו צום טיר און רופט היה'ן, זי קומט אַריין. זעה נור, דיין זוהן איז משוגע, פלאַפּעלט וועגען אַ וועקסעל עפּיס.

נחום פערצווייפעלט, עפּיס מיט אַ וויינענדיגען קול. זיי וועלען מיך נאָך אַריינזעצען אין משוגעים־הויז. סאָניאַ, סאָניאַ! זעה נור, וואָס ער האָט מיר אָבגעטאָן!

סאָניאַ. טאַטע, טאַטעשי, זאָל שוין זיין גענוג.

גדליה. עס וועט באַלד גענוג זיין, וואַרט צו אַ ביסעל. שטיל צו איהר. זאָל ער אָקאָרשט וויסען, אַז ער איז בייַ מיר אין די הענד.

נחום. אין אַ נעץ האָסטו מיך געפאַנגען!

גדליה נעהמט אַרויס דעם טייסטער. נחום וויל צולויפען. זיץ רוהיג אויפ'ן אָרט, רוהיג—זאָג איך! סטראַשעט מיט'ן פינגער. נחום זעצט זיך. נישט שריי, נישט לאַרים און נישט סטראַשע. נחום הויבט זיך אויף. זיץ, זאָג איך דיר, זיץ אויפ'ן אָרט! נחום פאָלגט. דו קריגסט געלד, האָב איך דיר געזאָגט, פינף טויזענד רובעל. נעהמט אַרויס געלד פון טייסטער. נחום הויבט זיך ווידער אויף. זיצען!

חיה. וויפיעל גיסטו איהם? ער וועט דאָך אונז בדלות שטעלען.

גדליה בייז. געה אַוועק! דו פערשטעהסט נישט. צו נחום'ן. אָט איצט, אַז דו ליגסט ווי אַ הונט צו מיינע פיס, אַז דו קאָנסט מעהר ניט סטראַשען, וועסטו קריגען דאָס געלד, די גאַנצע פינף טויזענד רובעל, קיין גראָשען וועט נישט פעהלען. און זיי ווייסען, ווער דו ביזט, און ווער מיר זענען. צעהלט אויף הונדערטער אויפ'ן טיש. פאַרוואָס נעהמסטו נישט?

נחום בעריהרט אונענטשלאָסען די געלד.

גדליה. מיר אַלטע, אונגעבילדעטע, ווייסען, ווי צו פערדיענען געלד, מיר ווייסען אָבער אויך, ווען עס אַוועקצוגעבען. נאַ, נעהם. נישט פאַר מיר האָב איך אָבגעהאָרעוועט אַ לעבען. דיין אויסגעלאַסענקייט האָט דיך פערדאָרבען, נישט מיין הויז, אָט האָסטו אַ לעקציע! נעהמט אַרויס דעם וועקסעל. אָט האָסטו דעם וועקסעל אויך. איך דאַרף נישט דיין בטיחות. וואָלטען די קינדער נור אַזוי פערשטאַנען די עלטערן, ווי די עלטערן—די קינדער...

פאָרהאַנג.

# דריטער אקט.

(אַנ'אָרימער צימער. אַנ'אַייזערנע בעט ביי דער וואַנט, אַ קליינע עטאַזשערקע מיט ביכער; אַ טיש, צוויי בענקלעך; אַ געפּלאָכטענער קאַסטען אויף אַיינצופּאַקען זאַכען. אויף די ווענט פאָטאָגראַפיעס, אָנזיכטסקאַרטען, ביינאַכט. עס ברענט אַ לאָמפּ; האַלב טונקעל. ד ב ו ר ה, אַ מיידעל פון אַ יאָהר דריי און צוואַנציג, אַ שענער פּנים, נאָר בלאַסליך; פער'דאגע'טע אויגען, אַ פער'כמורעטער שטערן. — בשעת דער פאָרהאַנג עפענט זיך, זיצט זי האַלב ליגענדיג אויפ'ן בעט, דעם פּנים אין קישען. נעבען איהר אויף אַ בענקיל ע ל י אַ ש).

ער דערצעהלט פון דער שווייץ און מאָלט מיר אוים גליקען, וואו מיר וועלען זיין, וואָס מיר וועלען זעהן, און ער שפּינט און שפּינט אַ נעץ אַרום מיר. איך וועל דעם נסיון ניט בּיישטעהן, איך האָבּ קיין אָנשפּאַרונג נישט מעהר. ס'איז מיר גאָרנישט געבּליבּען. דו פאָהרסט אַוועק, די בּעוועגונג איז טויט, איך בּין אָרים, שוואַך, געבּראָכען...

עליאַש. ווילסטו געהן מיט איהם?

דבורה. איך האָבּ אויפגעהערט צו וועלען. אויבּ איך וויל עפּיס, איז עס, אַז דער טויט זאָל קומען וואָס גיכער. פערהוסט זיך. די שווייץ קאָן מיך נאָך אַ מאָל געזונט מאַכען, און וואָס וועל איך טון אין אַזאַ לאַנגען פּוסטען לעבּען?—

עליאַש. איך האָבּ נישט געוואוסט, דבורה, אַז דו בּיזט אַזוי פערצווייפעלט. און איך וויל דיר העלפען, מיר מוזען די זאַך בּעטראַכטען.

דבורה לעהנט זיך אָן צו איהם אויפ'ן אַקסעל און גלעט איהם די האָר. איך וויים, עליאַש, דו בּיזט אַ גוטער, דו בּיזט גרייט פאַר מיר אַלץ צו טון; אָבּער דו בּיזט געבּוירען צו עפּיס בּעסערס, ווי ליעבּ צו האָבּען אַן אָרימע שניידערקע, אַ בּונדיסטקע. פאָהר, פאָהר, מיין לעבּען, פאָהר! צערטליך. איך וועל דיר ניט שטעהן אין וועג מיט מיין נאַרישער ליעבּע. וועסט מיך געדענקען, עליאַש?

מען קלאַפּט אין טיר.

עליאַש. עס קען אַלץ נאָך גוט ווערען. נחום קומט אַריין.

נחום דערלאַנגט די האַנד דבורה'ן, דערנאָך עליאַש'ן. עליאַש? ווען זענט איהר געקומען? היינט? מיין שוועסטער זוכט אַייך.

עליאַש. סאָניאַ זוכט מיך? איך פאָהר מאָרגען אָבּ קיין אויסלאַנד, גיט איהר אָבּ אַ גרוס פון מיר.

נחום. איהר וועט זיך מיט איהר נישט געזעגענען? איך מיין, זי וועט נאָך היינט בּיינאַכט דאָ זיין. דבורה, איהר האָט היינט געזעהן סאָניאַ'ן?

דבורה. יאָ, זי האָט זיך נאָכגעפרעגט, ווען עליאַש קומט, און איך האָבּ איהר געזאָגט, אַז היינט. וואָס מאַכט זי? זעצט זיך, נחום. דערלאַנגט איהר אַ שטול נעבּען טיש, אַזוי ווי ס'זענען נור צוויי בּענקלעך אין שטוב, נעהמט זי צורוקען דעם טיש צום בּעט, עס זאָל זיין פּלאַץ פאַר אַלעמען. וואַרט, איך וועל צ־רוקען דעם טיש. ס'איז בּיי מיר היינט אַזאַ אומאָרדנונג.

נחום. איך בין נישט קיין גרויסער אָנהענגער פון אָרדנונג. לאָזט, איך וועל שוין צורוקען דעם טיש. טוט עס. עליאַש העלפט איהם. אַלע זעצען זיך. וואָס סאָניאַ מאַכט? פרעהליך און דרייסט. ס'זענען אַפילו נישט מיינע זאַכען, נור איך וויל מיר ערלויבען צו זאָגען,—קוקט אויף עליאַש'ען—אַז אין איהר איז פאַר די לעצטע צוויי וואָכען, וואָס איהר זענט נישט דאָ געווען, פאָרגעקומען אַ גרויסע ענדערונג.

דבורה נייגעריג. אַזוי? דערצעהלט.

נחום. זי איז פערליעבט. איהר וועט מיר ערלויבען צו זאָגען, עליאַש,—זי בענקט נאָך אַייך.

עליאַש זעהר אָנגעשטרענגט און מיט ניט־מאַסקירטען פערדראָס. איך האָב נישט ליעב, מען זאָל מיר אָנטראָגען מעשיות, און איך וויים נישט. צוליעב וואָס איהר דערצעהלט מיר דאָס. האָט אַייך אַייער שוועסטער געבעטען דאָס איבערצוגעבען?

דבורה. וואָס ביזטו בייז, עליאַש? ער מיינט נישט קיין שלעכטס.

נחום. שלעכטס? בנאמנות, איך האָב אַ קלער געגעבען, צי וואָלט נישט געווען קיין יושר, מיר זאָלען אַלע פיער, מיר דריי און סאָניאַ, אָט אַזוי ווי מיר שטעהען און געהען, אַרויספאָהרען קיין אויסלאַנד. קלאַפּט זיך אויף דער בוזים־טאַש. געלד איז דאָ, פינף טויזענד רובעל.

עליאַש הויבט זיך אויף, שפּאַצירט איבער'ן צימער און ברומט אונטער אַ חסיד'ישען ניגונ'דעל.

נחים צו דבורה'ן שטיל. איך האָב איהם עפּיס בעליידיגט?

דבורה. איך וויים נישט. איהר האָט עס איהם נישט געדאַרפט צו זאָגען.

נחום הויך צו עליאַש'ן. אויף מיין עהרליך וואָרט, איך האָב קיין בייז נישט געמיינט. ענשולדיגט מיר, וואָס איך האָב מיר ערלויבט.

עליאַש. גוט. איך האָב נישט צו אַייך. שמייכעלט. איך מיין דערמיט נישט צו זאָגען, אַז וואָס איהר האָט דערצעהלט, אינטערעסירט מיך נישט. פערקעהרט אפשר, נור דער טאָן אַייערער שאָקירט. אַ ביסעלע מעהר בעשיידען. עס געהט אַלץ ביי אַייך אַזוי גלאַטיג, ווי אויף אַ גליטש באַרג־אַראָב. אַייערע זאַכען, פרעמדע זאַכען, געלד, שוועסטער, פערליעבט, אויסלאַנד, בענקט. איהר זענט קענטיג, אין זעהר אַ גוטער שטימונג?

נחום. איהר האָט געטראָפען, איך פיהל מיך יעצט פריי.

עליאַש. צוליעב דעם געלד, וואָס ביי אַייך אין בוזים־טאַש?

נחום. געלד גיט פרייהייט. איך בין אַנ'אָפּענער מענש, איך האָב ליעב צו זאָגען דעם אמת.

עליאַש. דעם אמת זאָגען מאַכט ניט אויס, נור אָפען זענט איהר שווין צופיעל אָפען. אַ קרעטשמע איז אָפען פאַר אַלע, אַ האַרץ דאַרף זיין אָפען נור פאַר פריינד.

נחום שטעלט זיך אויף. איך בעט אייך גאַנץ ערנסט אום ענטשולדיגונג. איך האָב געמיינט, מיר זענען בעפריינדעט.

דבורה. קום אַהער, עליאַש, און זעץ דיך. קריגט אייך נישט. קום אַהער און גיט אייך די הענד. עליאַש און נחום, ביידע צעגערען. נו, קום, עליאַש! נחום, אייער האַנד! נעהמט זיין האַנד. נו, מאַכט שלום. זיי גיבען זיך די הענד. עליאַש שמייכעלט.

עליאַש. איך האָב נישט צו אייך, נחום. איך האָב אייך קיינמאָל נישט געהאַלטען פאַר אַ שלעכטען מענשען. פערקעהרט, איך האַלט, אַז אין תוך גענומען זענט איהר בעסער, ווי איהר אַליין רעדט פון אייך.

דבורה. און איך מיין אויך אַזוי.

נחום. נו, אַז איהר ביידע מיינט, מיין איך אויך. איך בין אויפגעצויגען אין אַ הויז פון אַנ'אויפגעקומענעם גביר, וואָס איז אַליין נישט פרום און פיהרט אַ פרום לעבען, האָב איך מיך דעריבער פון מיין קינדהייט אָן אויסגעלערנט צו לאַכען פון הייליגקייטען. עליאַש איז אויפגעצויגען אין אַ פרומער הויז, ביי אַ טאַטען אַ רב, איז ער אידעאַליסטיש געשטימט. ס'איז נישט מיין שולד און נישט זיין פערדיענסט. אָט אַזוי זענען מיר; ניט אמת, עליאַש?

עליאַש. ס'איז אפשר אמת, נור ווען איהר רעדט, הויב איך אָן פיינט צו קריגען דעם אמת אַליין.

דבורה. דו ביזט היינט בייז, עליאַש, נור דו קריגסט זיך.

נחום. אָ! מיר קריגען זיך נישט, מיר פערשטעהען זיך נור, ווי צוויי גנבים פון איין באַנדע.

עליאַש לאַכט הויך און האַרציג. גוט!

נחום. מיר זיצען ביי אַ ליידיגען טיש. איך מיין, איך וועל לויפען עפּיס ברענגען. האָט איהר ליעב שאַמפּאַניער, עליאַש?

עליאַש. דעם אמת זאָגענדיג, איך האָב אין מיין לעבען נאָך נישט פערזוכט.

דבורה. און איך אויך נישט.

נחום. טאָ זאָלט איהר פערזוכען. באַלד וועט סאָניאַ קומען, וועלען מיר האָבען אַ הוליאַנקע. געהט אַרויס.

דבורה. ער איז גאָרנישט אַזאַ שלעכטער יונג.

עליאַש ווי צו זיך רעדענדיג. סאָניאַ וועט דאָ זיין... שאַמפּאַניער וועלען מיר טרינקען. ווי אַזוי איז דאָס געוואָרען? איך האָב געוואָלט דיך זעהן, דבורה, און אָבפּאָהדרען.

דבורה מונטער, דער פריהערדיגער אומעט איז איבערגעגאַנגען אין אַ מאָדנע קרייקליכער לוסטיגקייט. לאָמיר לוסטיג זיין, עליאַש. און וואָס וועט זיין, וועט זיין. צוויי מאָל לעבט מען נישט, און איינמאָל מוז מען שטאַרבען,—טאָ וואָס איז דער אונטערשייד? מיר וועלען זיך היינט אָנ׳שכור׳ן, עליאַש, איינמאָל געלעבט!

עליאַש. דו האָסט זיך געענדערט, דבורה,—נאכדענקענדיג—און איך אויך. אין דער דאָזיגער משפחה, ביי אַלע ביי זיי, ביי נחומ׳ן, ביי סאָניאַ׳ן, ביים אַלטען אַפילו, איז פאַרהאַנען עפּיס אַזוינס, וואָס זאַפּט זיך איין ביי יעדען אין דער נשמה, ווי אַ גיפט, עס קלעפּט זיך צו. זיי זענען אַלע נישט קיין שלעכטע מענשען, נור זיי שוועבען אַרום אין עפּיס אַ פּוסטקייט, אַ מין קלאַנג, ווי פון אַ הוילען פאַס, הערט זיך פון זיי.

דבורה. דו ביזט היינט שלעכט געוועזען צו נחומ׳ן. ער אַכטעט דיך זעהר און וואָלט פאַר דיר געגאַנגען אין פייער און אין וואַסער.

עליאַש. איך וועל גליקליך זיין, אויב דו וועסט זיך פיהלען גליקליך מיט איהם.

דבורה צערטליך-קאָקעטיש. עליאַש! דו ווילסט מיך פערהאַנדלען, אַבי פּטור צו ווערען פון מיר.

עליאַש דעצידירט. נו, שוויג, דבורה! איך בעט דיך. דו האָסט שוין באַלד בעקומען דעם טאָן פון דער משפּחה.

דבורה. איך וועל נישט מעהר, עליאַש. לאָמיר לוסטיג זיין היינט ביינאַכט, אָנ׳שכור׳ן זיך, יאָ?

סאָניאַ קומט אַריין. איהרע אויגען פינקלען, און עס איז קענטיג אויף איהר די איבעראַשענדע פרייד, וואָס זי האָט געטראָפען עליאַש׳ן.

סאָניאַ גיט איהם די האַנד. גוטען אָבענד, עליאַש. איך האָב אַייך געפּאַקט. דראָהט איהם מיט׳ן פינגער פון דער לינקער האַנד, די רעכטע האַלטענדיג אין זיינע. פון מיין האַנד דרעהט מען זיך נישט אַזוי גיך אַרויס. איהר האָט

געוואָלט אַנטלויפען, שעמט זיך ... גוטען אָבענד, דבורה, וואָס מאַכסטו?

דבורה. אָט ווי דו זעהסט, עליאַש פערלאָזט אונז ...

סאָניאָ האַלטענדיג אַלץ איהר האַנד אין עליאַש'ס, צו איהם. ס'איז וואָהר?

עליאש, איהר אַריינקומען האָט אויף איהם אויך געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק. זעץ דיך, סאָניאַ, מיר וועלען באַלד האָבען שאַמפּאַניער.

סאָניאַ. שאַמפּאַניער? דערויף בין איך גראָד אַ בעלן. וואו איז ער?

דבורה. נחום וועט באַלד אַריינברענגען.

סאָניאַ. אַזוי? נחום איז דאָ? וואו זענט איהר געווען, וואו ביזטו געווען, עליאַש?

עליאַש. אין דערהיים, ביי מיין אַלטען טאַטען.

סאָניאַ פערטרויט. דו האָסט ליעב דיינע עלטערן?

עליאַש. זעהר.

סאָניאַ. איז דיין טאַטע אויך אַזאַ שענער, ווי דו?

עליאַש. צי ער איז אַ שענער, ווייס איך נישט, נור ער געפעלט מיר.

סאָניאַ. ער האָט אַוודאַי אַ ווייסע לאַנגע באָרד, גרויסע גראָהע ברעמען... פּאות אויך?

עליאַש. פּאות אויך. און אַ ריין געוויסען, און אַ גרויסען גלויבען און ליעבע צום פאָלק—אויך.

סאָניאַ. און דיין מאַמע?

עליאַש. זי לעבט נישט מעהר.

סאָניאַ. איך מיין, וואָס איז זי געווען?

עליאש. אַ האַרציגע, גוטע און פרומע יודענע, אַ פערטיל יאָהר פאַר'ן טויט האָט זי מיין נאָמען דערמאָנט.

סאָניאַ. ווייסט, צוליעב וואָס איך פרעג דאָס? ווייל איך מיינע עלטערן האָב נישט ליעב.

נחום קומט אַריין, די הענד און די טאַשען פול מיט פלעשער און פעקלעך צום עסען. לאָדעוועט דאָס אַלץ אויפ'ן טיש.

דבורה בעטראַכט אַ פלעשיל. אָט דאָס איז דער שאַמפּאַניער? סאָניאַ, ווילסט זיך היינט אָנ'שכור'ן מיט מיר?

סאָניאַ. אַז עליאַש וועט טרינקען, טרינק איך אויך.

עליאַש. אַלע, אַלע וועלען מיר היינט טרינקען, סאָניאַ. מ'ר זע-

נען אַלע נישט מעהר ווי שוואַכע מענשען, און זאָל דער יויין אונז קרעפ־טיגען, אָדער מאכען פערגעסען.

נחום פּאַקט אַלץ אויס. און אָט זענען גלעזלעך אויך. איך האָב גאָר־נישט פערגעסען. פאָהרען מיר אַלע צוזאמען, עליאַש? סאָניאַ? — גיסט אָן דעם וויין.

סאָניאַ צו עליאַש׳ן קאָקעטיש.—האָסט געוואָלט אַנטלויפען פון מיר?

נחום. נור נישט פילאָזאָפירען! געטרונקען זאָל ווערען, לחיים!

דבורה. זעה נור, עס שוימט דאָך אַקוראַט ווי סאָדאַ־וואַסער.

עליאַש. פאַר וואָס טרינקען מיר, סאָניאַ?

סאָניאַ. פאַר וואָס דו ווילסט.

דבורה לויפט צו. טרינקען! טרינקען! און גאָרנישט רעדען. טרינקט אויס איהר גלאָז און פערהוסט זיך. און! שטאַרק! נאָך איינס. אַלע טרינקען צו ביסלעך. נחום גיסט אָן דבורה׳ן נאָך אַ גלאָז.

עליאַש. ס׳איז דיר נישט געזונט, דבורה, צו טרינקען צופיעל.

דבורה. נישט געזונט? נאַר דו איינער! ס׳איז געזונט, ס׳וועט מיך אַזוי צענעהמען, צעטראָגען דאָס האַרץ און די לונגען. קום, סאָניא, ווילסט זיך צעקושען מיט מיר? עליאַש! הייס איהר, זי זאָל זיך צעקושען מיט מיר.

עליאַש ווינקט סאָניאַ׳ן, אין זיי צוקושען זיך. ביזט אַ גוט מיידעל, סאָניאַ, דו פאָלגסט... און איצט צעקושט איהר אייך. דו און עליאַש, פאַר מיר אין די אויגען. סאניא און עליאַש קוקען זיך אָן און שמייכלען, טרינקען אויס זייער וויין און גריסען מיט די גלעזלעך.

דבורה. נו, נו? איך הייס, איהר זאָלט זיך צעקושען. טרינקט אויס איהר גלעזיל מיט איין זופּ און שרייט: איך הייס! וועט איהר מיך פאָלגען, צו ניין?!... וואָס איז דער מעהר מיט אייך?! זי פיהרט זיי צוזאַמען, און זיי צע־קושען זיך.

נחום. און וואו בין איך, דבורה? אָן בעסטען קינד פערגעסען.

דבורה פאַלט האַלב־שכור אויף זיינע אַקסלען. דו? דו ווילסט אויך אַ קוש? דו ווילסט? הויבט אויף דעם קאָפּ און קוקט איהם אין די אויגען אַריין. וואַרט אַ ביסעל!

סאָניאַ. איצט וועל איך קאָמאַנדעווען. צעקושט אייך!

דבורה. דו קאָמאַנדעווען? ניין! איך מעג קאָמאַנדעווען, און מיך מוזען אַלע פאָלגען, אָבער דו—ווי קומסטו צו מיין ראָלע? האַ?—דו ביזט אויך קראַנק? דיין געליעבטער האָט אויך ליעב אַנ׳אַנדערע? דיין בעוועגונג,

וואָס דו האָסט אַוועקגעגעבען דיין לעבען דערויף, שטאַרבט איך אָבי האַ?
זי—קאָמאַנדעווען?.. איך—מעג!..

נחום. בראַוואָ, דבורה, בראַוואָ! פאָהרסט מיט מיר?

דבורה. ביזט אַזוי אונגעריכטערהייד געוואָרען מיט מיר אויף דו... גוט, איך פאָהר. דו ווילסט, איך זאָל זיין דיין געליעבטע? דו ווילסט? צעלאַכט זיך. חאַ, חאַ, חאַ, חאַ, עליאַש! ער וויל מיך האָבען פאַר אַ געליעבטע. צו נחומ'ן. דו ווילסט?

נחום. צי איך וויל?

דבורה. טאָ טרינק זשע, טרינק, נאַר! זי גיסט איהם אָן, און ער טרינקט אוןווינקט איהר צו.

עליאַש שטיל צו סאָניאַ'ן אין אַ זייט. איך האָב שטענדיג געגלויבט, אַז אין דיין הארץ שלומערט עפּיס בעסערס. איצט איז עס וואך געוואָרען.

סאָניאַ פיעסטענדיג. אָבער דו האָסט מיך נישט ליעב...

עליאַש. ווייסטו, ווי איך האָב געליטען, וויפיעל נעכט איך בין נישט געשלאָפען צוליעב דיר? און וואָס האָט געזאָלט זיין מיין רייזע קיין אויסלאַנד? איך האָב געוואָלט אַנטלויפען פון מיין אונגליק.

סאָניאַ. ווילסט נאָך אַנטלויפען?

עליאַש מיט צערטליכען פאָרוואורף. סאניאַ! נעהמט איהר האַנד און קושט זי. ווי שען דו ביזט! דו ביזט געווען מיין אונגליק, איצט זאָלסטו זיין מיין גליק.

סאָניאַ. און דו וועסט מיך ליעב האָבען, שטאַרק ליעב האָבען, ווען איך וועל זיין דיינע... און זי מאַכט אַ בעוועגונג, ווי זי וואָלט איהם וועלען ווייזען איהר גראַציעזען קערפּער.

עליאַש אין פערלעגענהייט. דיינער... דיינער...

דבורה, וואָס האָט זיי אַ קורצע ווייל בעטראַכט מיט שכור'ע בליקען, לויפט צו זיי צו.

דבורה. שוין אַזוי פריה זיך צערטלען—איהר וועט נאָך צייט האָבען. כאַפּט עליאַש'ן פאַר דער האַנד און שלעפּט איהם. ע! קום אַהער, מיין חתן, מיין בעשערטער, מיין גליק! האַ? ווי קומסטו צו איהר? זי איז דיר אַ פרעמדע,—אַ בורזשויקע! צעלאַכט זיך. האַ, חאַ, חאַ! האָב נישט מורא, סאָניאַ. איך וועל איהם ביי דיר ניט צונעהמען. וואָס קאָן איך איהם געבען? אַן אָרימע שניידערקע, אַ צעבראָכענע און ענטוישטע? איך וועל איהם קאָנען געבען נור אונגליק. צו עליאַש'ן. ווילסט זיין גליקליך? ווילסט? זאָג! וועסטו מיר

כאָטש דערצעהלען, ווי פיהלט מען דאָס, ווען מע איז גליקליך? דו וועסט מיר דערצעהלען. ווי איהר רעדט צוזאַמען און שמועסט און—חאַ, חאַ, חאַ,— שרייענדיג—און איהר קושט אייך! חאַ, חאַ!

נחום. דבורה! מיר איז לאַנגווייליג. נעהמט זי פאַר דער האַנד. קום, ווילען מיר טרינקען.

עליאַש. אַלע זאָלען מיר היינט טרינקען. ווייל עס איז אַנאַכט פון פערגעסענהייט. גיסט אָן די גלעזער און לאָמיר זינגען ליעדער. מען גיסט אָן און מען טרינקט.

נחום. אָ, איהר זענט אויפ'ן ריכטיגען וועג, עליאַש: ווייַן, ווייב און געזאַנג!

עליאַש. ס'איז אַנאַכט פון פערגעסענהייט. דער בוים האָט פערגיפטעטע וואָרצלען, אָבער די עפּעל זענען זיס. נעהמט אַרום סאָניאַ'ן און קושט לייַדענשאַפטליך. דבורה, גיב מיר דיין האנד... דו דערקענסט מיך? וואָס איז דאָס געוואָרען פון אונז?

סאָניאַ. נחום, הערסט? אונזער בוים האָט פערגיפטעטע וואָרצלען!

נחום דערלאַנגט די האַנד עליאַש'ן. בראַוואָ, עליאַש! דאָס ריכטיג וואָרט געזאָגט. פערגיפטעט איז געוועזען אונזער אָנהויב, סאָניאַ, און קיין זאַך וועט אונז ניט העלפען... דבורה, דבורה, קום אַהער! צעקוש זיך מיט מיר. איך בין אַ פּאָדלע יונג, ווי דו קוקסט מיך אָן, אָבער איך האָב ליעב דיין ריינקייט און דיין עהרליכקייט.

דבורה מיעד, ווייבעריש-שוואַך, צעקושט זיך מיט איהם. וואָס ווילסטו מאַכען מיט מיר, נחום? איך בין אַזאַ אָרימע... אַזאַ פערלאָזטע... און האָב קיין גלויבען נישט מעהר און האָב נישט, פאַר וואָס צו לעבען...

נחום. איך וויל דיך ליעב האָבען, דבורה, אין אמת'ן ליעב האָבען, נישט ווי אַ פערדאָרבענער ציניקער, נור ווי אַ רעכטער מענש. און אויב איך וואָלט געהאַט אַ גאָט, גלויב מיר, איך וואָלט איצט געפאַלען אויף די קניהען און געבעטען, ער זאָל מיר העלפען דיך ליעב צו האָבען.

סאָניאַ. עליאַש, וואו זענען די ליעדער?

עליאַש. נו העלפט! זינגט:

שיקט דער האַר אַ פויערל אין וואַלד אַריין,
עד זאָל די באַרעלעך רייסען.—
פויערל וויל נישט די באַרעלעך רייסען,

בּאַרעלעך ווילען נישט פאַלען...
בּאַרעלעך ווילען נישט פאַלען...

עליאַש האַקט אָב. קיינער וויל נישט העלפען?

דבורה. איך, איך... זינגט: בּאַרעלעך רייסען, בּאַרעלעך רייסען... האַקט אָב. ניין! זאָל סאָניאַ זינגען מיט דיר! איצט זאָל זי זינגען.

סאָניאַ העלפט אונטער. בּאַרעלעך רייסען...

עליאַש. דו זינגסט פאַלש. אַ פאַלשען טאָן, ניט אַזוי...

דבורה. אַ פאַלשען טאָן—זעה, עליאַש, זי קען נישט זינגען, זי קאָן נישט!

עליאַש. אויב נישט זינגען, טאָ זאָלען מיר טרינקען.

נחום. טרינקען, טרינקען! דבורה! נאָך איינמאָל צעקוש זיך מיט מיר

דבורה. ניין, ניין! נישט קושען, וואַרט, נחום, וואַרט! איך וועל מיך צוערשט אויסלערנען זיין אַ ליובאָווניצע און טיילען קושען. וואַרט, זאָג איך דיר, דו וועסט זעהן, דו וועסט מאַכען פון מיר אַ לייט...

פאַר דער צייט לעהנט סאָניא אָן איהר קאָפּ אויף עליאַש'ס בּרוסט, וועלכער זיצט אויפ'ן בּעט. זי האַלט בּיידע הענד אַרומגעוויקעלט אַרום זיין האַלז. אַלע זענען שכור.

נחום פאַלט אַקטיאָריש אויף די קניה פאַר דבורה און קושט איהר האַנד. זיי מיין מיידעל, דבורה! געה מיט מיר, איך וועל דיך פיהרען אויף די שווייצער בּערג, אויף די פאַריזער בּולוואַרען. דו בּיזט נאָך יונג צו ליעבּען, און האָסט נאָך גאָרנישט געלעבּט.—דבורה! נישט וואַרף מיך אַוועק און נישט פעראַכט מיך. מיט אַ ציניש̈ען געלעכטער. פעראַכטען קאָן איך מיך אַליין.

בּיי דער סצענע עפענט זיך די טיר האַסטיג, און גדליה קומט אַריין. אַ שרעקליכע איבּערראַשונג. סאָניאַ שפּרינגט אויף. נחום הויבּט זיך אויף, ווישט מיט אַ האַנד די האָר פון קאָפּ. עליאַש און דבורה קוקען זיך אָן.

גדליה בּלייבּט צוערשט שטעהן אַ פּאָר סעקונדען און בּעטראַכט, וואָס אַרום איהם טוט זיך. אָט אַזוי האָט מען זיך דאָס צעהולעוועט פאַר מיין געלד! געהט צו צום טיש. שאַמפּאַניער גיסט זיך דאָ, ווי וואַסער! עי, דו בּנ'אָק מיינער,—כאַפּט נחום'ען פאַר אַ לאַץ—דערויף האָסטו דאָס בּעדאַרפט האָבּען פינף טויזענד רובּעל? דערויף?! שאָקעלט איהם מיט ווילדער רציחה. הולטאַיעווען דאַרפסטו פאַר מיין געלד, מיט מוידען טרינקען שאַמפּאַניער!

נחום שטאַמעלט. מיר האָבּען זיך געזעגענט.

גדליה צו סאָניאַ׳ן. און וואָס טוט זי דאָ, די חצופה? די גאַנצע שטאָדט קלינגט דאָך מיט אייך און מיט די קוישען שאַמפּאַניער; מען איז דאָך מיר געקומען אַהיים אָנזאָגען, אז דאָ טוען זיך אָב מעשים. מיט מוי־דען האָט ער זיך צעהוליעט פאַר מיין געלד! קוקט אויף דבורה׳ן. מיט אַ נפקה...

עליאַש, וואָס איז די גאַנצע צייט געזעסען אָבוואַרטענדיג, שפּרינגט אויף, געהט צו צו גדליה׳ן. האַלט׳ס מויל! וואָס זענען דאָס פאַר אַ ווערטער? דבורה צעכליפּעט זיך ביטער.

גדליה. קוקט איהם נור אָן! וואָס איז דאָס פאַר אַ הולטאַיי, מיין בנ׳אָקס חבר!

עליאש. איהר זאָלט די מינוט שווייגען! אויב נישט, פיהר איך אייך אַרויס פון שטוב. איהר הערט?

גדליה. דו שייגעץ איינער! ווער ביזטו אַזוינער? פּיאַקעס! מען לויפט זיך שמד׳ען, און מען נאַרט אוים געלד און מען זויפט, און מען פערפיהרט יודישע טעכטער.

עליאש בייז. איהר זאָלט שווייגען, די מינוט! ווייל איך נעהם אייך פאַר׳ן קאַרק... מאַכט אַ בעוועגונג, ווי ער וואָלט געוואָלט דאָס טון.

גדליה. ווערמען? ווערמען? מיך? אַ יוד מיט אַ באָרד ווערסטו פּרובען אַרויסוואַרפען?

עליאַש בעהערשט זיך. איהר זענט אַ יוד מיט אַ באָרד, און איך שאַנעווע אייך, אָבער דערוועגט זיך נישט מעהר צו רעדען אַזוינע ווערטער.

גדליה. וואָס האָב איך דען געזאָגט אַזוינס? האַ? שרייט. דאָס געלד גיט אָב, איהר חברה באַנדיטען, גיט אָב דאָס געלד! לויפט צו צו סאָניאַ׳ן. קום אַהער, דו חצופה איינע, וואָס טוסטו דאָ? זאָג מיר, וואָס טוסטו דאָ? פרעג איך דיר.

סאָניאַ וויינט. איך וויים נישט, טאַטעשי, נחום האָט מיך גערופען...
פאַר דער צייט איז עליאש צוגעגאַנגען צו דבורה׳ן, וואָס האָט געכליפּעט, דעם פּנים צו דער וואַנט, און האָט זיך געפּרובט זי צו בערוהיגען.

עליאַש שטעלט זיך אַנטקעגען דעם אַלטען. הערט אוים, איהר יוד מיט דער באָרד, וואָס איך וועל אייך זאָגען: זי, אייער טאָכטער סאָניאַ, נאַרט אייך אָב. נישט נחום האָט זי אַהער אַריין געפיהרט, זי איז אַליין געקומען. צו סאָניאַ׳ן. נישט שען, סאָניאַ, צו זיין אזוי קליינמוטיג. זי איז גע־קומען צו מיר, זי האָט מיך ליעב.

גדליה. וואָס רעדט ער? דיך האָט זי ליעב? סאָניאַ, וואָס שווייגסטו?
סאָניאַ ווייך און שטיל. ס'איז וואָהר, טאַטעשי.
גדליה. וואָס? וואָס? וואַרט, איך וועל דיר געבען. קום אַהיים, אַהיים קום!
עליאַש. געהט, געהט, געהט גיכער! געהט אַלע! געהט צו צו דבורה'ן. דבורה! זאָג, וואָס איז דאָס געוואָרען פון אונז? ווי אַזוי איז דאָס געשעהן?
גדליה. וואו האָט ער דאָס געלד? ער האָט זיך שוין צעטיילט מיט חברה?
עליאַש. נעהמט גיכער אייער טאָכטער און אייער זוהן און געהט! קיינער האָט אין געלד נישט געריהרט.
גדליה צו נחום'ן. האָסט דאָס געלד?
נחום. איך האָב. וואָס איז?
גדליה. קומט אַהיים. נחום טוט אָן דעם הוט, גרייט צו געהן, סאָניאַ געהט צו צו עליאַש'ן.
סאָניאַ שטיל. עליאַש, פערציידה, מיר וועלען זיך זעהן מאָרגען?
עליאַש. איך פאָהר אַוועק מאָרגען. צופיעל האָט זיך אָנגעזאַמעלט אין האַרצען. סאָניאַ פאַר'ן אַרויסגעהן פער'גנב'עט זיך צו עליאַש'ן און גיט איהם אַ קוש. נחום דערלאַנגט די האַנד דבורה'ן און עליאַש'ן.
גדליה. דו האָסט זיך שוין גענוג אָבגעפרעהט מיט זיי. שוין גע־נוג! ווער איז זי דאָס,—ווייזט אויף דבורה'ן—די אויסגעלאַסענע מויד?
עליאש שפּרינגט אויף, לויפט צו צום אַלטען און דראָהט איהם מיט די פויסטען.
עליאַש. איהר זענט ניט ווערט מיט דעם מיידעל צו רעדען אַ וואָרט, איהר הערט?! די מינוט זאָלט איהר בעטען ענטשולדיגונג ביי איהר. איהר וועט קיין לעבעדיגער נישט אַרויסגעהן פון דאַנען. אויב איהר וועט עס ניט טון. איהר הערט, וואָס איך זאָג אייך? ענטשולדיגונג זאָלט איהר בעטען
גדליה דערשראָקען פון דעם איבערגאַנג, ווערט בלאַס. גוואַלד! וואָס וויל ער פון מיר? וויל געהן.
עליאַש שטעלט זיך ביי דער טיר. איהר וועט נישט געהן, ביז איהר וועט נישט בעטען ענטשולדיגונג.
גדליה. וואָס? וואָס? וואָס זאָל איך טון?
עליאַש. ענטשולדיגונג זאָלט איהר בעטען.
גדליה. וואָס וויל ער פון מיר, נחום?

נחום. דו זאָלסט בעטען בײ דעם מײדעל, זי זאָל דיר מוחל זײן, וואָס דו האָסט זי אָנגערופען אַזוינע נעמען.

גדליה בערוהיגט, שמײכעלט. אַזוי? ענטשולדיגען? אַדרבא. מיט׳ן גרעסטען פערגעניגען... זײ מיר מוחל, זײט מיר מוחל, איך האָב געזינדיגט אַנטקעגען אײך—קלאַפּט זיך אויפ׳ן האַרצען: חטאתי, עויתי, פשעתי... אויף מײנע נאמנות. ווי איך בין אַ יוד, איך האָב גאָרנישט געמײנט. ער קוקט זיך אום. שוין גוט?

עליאַש. אַלטער ציניקער! געהט, געהט! ער לאָזט פרײ די טיר. בשעת זײ געהען אַרויס, צעכליפּעט זיך דבורה הויך אויפ׳ן קול.

עליאַש. דבורה, דבורה, וואָס איז דאָס געוואָרען פון אונז?

**פאָרהאַנג**

# פערטער אקט.

עס איז דערזעלבער צימער, וואָס אין ערשטען אַקט, אָבער אינגאַנצען אומגעביטען. אָנשטאָט דעם הייזליכען אַלטמאָדישען שטייגער, געמישט מיט געשמאַקלויזען פוץ, טראָגט איצט דער צימער דעם כאַראַקטער פון אַן'איינגעאָרדענטען ביוראָ מיט אַ גרויסען שרייב-טיש, אָהן בעפּוצונגען. אַלץ איז פּראַקטיש, ניי. אויף דער וואַנט איז צו זעהן אַ פּאָרטרעט פון דבורה'ן.

אַ גרופּע פאַבריק-מיידלעך בעקומען אויסגעצאָהלט שכירות. ס'איז אַ ווינטערדיגער פאַרנאַכט. צווישען די פאַבריק-מיידלעך איז „שרה," אַ מיידעל פון אַ יאָהר 17, אַ קליינע, שענע ברונעטין, מיט פרום-יודישע אויגען. ווען דער פאָרהאַנג געהט אויף, זיצט נחום ביים טיש און צאָהלט אויס לויט די ביכלעך. די רייה איז אָנגעקומען צו שרה. הינטער איהר זענען נאָך צוויי.

נחום. ווי איז אײער נאָמען? נעהמט דעם ביכעל און לייענט. שרה ברוינשטיין? און וויפיעל נעהמט איהר?

שרה. עס שטעהט געשריבען.

נחום מישט אין ביכעל. 2 רובעל 75.—אָט אַזוי ווענינג? בעטראַכט זי לויט זיין שטייגער: ליעבליך-ציניש. אָט זעצט אײך צו און וואַרט, ביז איך וועל זיי אָבפאַרטיגען.

די צוויי מיידלעך, וואָס וואַרטען, ווינקען זיך איבער איינע מיט דער צווייטער. שרה זעצט זיך אונענטשלאָסען, און ס'איז קענטיג, אַז זי שרעקט זיך און איז דערביי געשמייכעלט.

נחום פאַרטיגט דערווייל אָב די צוויי מיידלעך. זיי אײלען זיך נישט אַרויסצוגעהן, און נחום קוקט זיי אָן שטרענג. זיי געהען צולעצט אַרויס.

נחום. קודם כל, זיי ניט דערשראָקען—נעהמט איהר האַנד—און האָב נישט קיין מורא פאַר מיר. האָסט מורא פאַר מיר?

שרה. פאַרוואָס זאָל איך עפּיס מורא האָבען?

נחום. האָסטו זיך נאָכאַמאָל איבערגעלעגט? נעהמט אַרויס צעהן רובעל און דערלאַנגט איהר. אָט דאָס גיב איך דיר, דו זאָלסט מאַכען אַ קליידעל.

שרה נעהמט נישט די געלד. ווילסט נישט נעהמען פון מיר?

שרה. פאַרוואָס זאָל איך עפּיס נישט ווילען נעהמען? נעהמט עס.

נחום. און איצט קום אַהער—נעהמט זי נאָכאַמאָל פאַר'ן האַנד—און זעץ זיך נעהנטער צו מיר.

שרה. איך קאָן דאָ אויפ'ן בענקיל אויך זיצען.

נחום. אָ! דו ביזט דאָך גאָר אַ נאַרעלע.

שרה שמייכעלט נאַאיוו-קלוג. איך בין שוין גראָד אַ קלוגע.

נחום. ווי אַלט ביזטו, שרה?

שרה. 17 יאָהר בין איך אַלט.

נחום. פאַרוואָס זשע ביזטו אַזאַ אײנגעשפּאַרטע? זעהסט, די אַלע מיידלעך, וואָס אַרבייטען ביי מיר אין פאַבריק, זענען גליקליך, אַז איך וויל

נור מיט זיי רעדען ... און מיט דיר, מיין קינד, זעהסטו, בין איך גאַנץ ערנסט. דו געפעלסט מיר.

שרה שמייכלענדיג, זי האָט זיך דורך דער צייט בערוהיגט. איך לאָז דען נישט רעדען צו מיר?

נחום. ביזטו דאָך גאָר אַ קלוגע. גלעט איהר די האָר. דו געפעלסט מיר, שרה. מיט דיינע חבר'טעס האָב איך נישט געהאַט אזוי פיעל מיה. זאָג, קאָנסטו לעזען און שרייבען?

גדליה קומט אַריין מיט אַ גמרא אין דער האַנד. ער האָט זיך דורך די דריי יאָהר פיעל געעלטערט, איז אָבגעלאָזען, און ווי מען זאָגט, פעהלט איהם אַ קלעפקע אין קאָפּ.

גדליה. איך האָב דיר געוואָלט ווייזען עפּיס אַ שטאַרקען אויפטו.

נחום שמייכעלט. איך זיץ דאָך אין בלויזען קאָפּ, טאַטע.

גדליה. טו אָן דעם קאַפּעליוש דיינעם. פרעהליך און ליעבליך. דו האָסט דאָך אַ גוטען קאָפּ און דו געדענקסט דאָך עפּיס לערנען, וואָס שאַדט דיר, אַז דו וועסט געדענקען לערנען? ס'איז דאָך אַ שכל'דיגע זאַך... דער־זעהט שרה'ן. ווער איז?

נחום. ע, גאָרנישט, אַ מיידעל פון פאַבריק.

גדליה. אַ מיידעל פון פאַבריק איז דאָך נישט גאָרנישט.

נחום שטיל צו שרה'ן. איך וועל דיר טרעפען אין אַ שעה אַרום אין סאָד, ביים רינעלע.

שרה. אַ גוטע נאַכט. געהט אַרויס.

גדליה. אַ גוטע נאַכט, אַ גוטע נאַכט... קוק אַריין דאָ, נחום, וואָס קאָן עס דיר שאַדען? מילא, יאָ פרום, נישט פרום, אָבער לערנען איז דאָך עפּיס אַ שכל'דיגע זאַך. איי, וואָס ווייסטו? נחום טוט אָן זיין קאַפּעליוש. מיט אַ גמרא־ניגון פון דער גמרא אַרויס. קונם, קונם... איז אַלץ מנדר...הייַנט אַז ס'איז אַ נדר, איז ער חייב מלקות—פערשטעהסט?

נחום שמייכלענדיג. בנאמנות, טאַטע, איך וואָלט דיר געוואָלט צו־ליעב טון, נאָר עס קריכט מיר נישט אין קאָפּ.

גדליה. מילאָ, איז נישט. איך האָב געמיינט, אַז דו ביזט שוין געוואָרען אַ מענש און פיהרסט די געשעפטען, ווי עס געהערט צו זיין,— פאַרוואָס דאָס נישט קענען לערנען אויך? ער זעצט זיך. און אפשר וואָלסטו שוין גאָר חתונה געהאַט אויך? איך וואָלט דיך חתונה געמאַכט און סאָניאַ'ן, וואָלט מיר אַראָב אַ זאָרג פון קאָפּ. ווייסטו, וואָס איך וואָלט געטאָן? אַנו טרעף. האָסט דאָך עפּיס אַ גוטען קאָפּ...

נחום קלערט. וואָלסט געגומען שטעלען אַ נייעם מויער.

גדליה רייצט זיך מיט איהם. ע! זעהסטו, האָסט נישט געטראָפּען, אָבער לגמרי נישט. איך וואָלט גענומען די מאַמאַ'ן און עטאַ'ן און געפאָהרען קיין ארץ ישראל.

נחום איבערראַשט. גאָר אַזוי!

גדליה. איך וועל דיר זאָגען... עס איז דאָך שוין אַ מעשה פון דריי יאָהר, ווי איך האָב געהאַט מיט דיר צו טון, איך מיין... דו ווייסט שוין, ווען דו ביזט געפאָהרען קיין קיעוו. געדענקסט מיר ניט אַרויס פון קאָפּ, וואָס דו האָסט געזאָגט דעמאָלט—געדענקסט?

נחום. וואָס? איך קאָן מיך נישט דערמאָנען.

גדליה. אַז איך בין נישט פרום, האָב גאָר קיין הייליגע זאַך נישט. מיינסט. חלילה, טאַקע איך בין אַן'אפּיקורס? האָסטו אַ טעות! נור גלאַט אַזוי, ס'איז עפּיס נישט.—פערשטעהסט?... עפּיס קיין ארץ ישראל פאָהרען, דאָס געפעלט מיר. איך זאָג דיר, סאָניא האָט מיר געגעבען צו לייענען עליאַש'ס בריעף פון ארץ ישראל, האָט מיך ס'האַרץ ארויסגעצויגען אַהין—פערשטעהסט?

נחום. ווייסט, טאַטע? היינט, דוכט זיך, קומט עליאַש צו פאָהרען, סאָניאַ איז איהם אַראָבגעגאַנגען בעגעגענען ביי דער באַהן.

גדליה. אַזוי? און פון וואַנען קומט ער דאָס?

נחום. איצט קומט ער פון אַרגענטינע, דוכט זיך. ער איז אויף געווען אומעטום: אין אַמעריקע, אין ארץ ישראל און אומעטום, וואו יודען האָבען זיך געפּרובט צו בעזעצען די לעצטע צייט.

גדליה. אַ וואַזשנע מענש דער עליאַש. איך האָב באַלד געזעהן דעמאָלט אין יענע נאַכט, פאַר דריי יאָהר, ווען איהר זענט אַלע געווען שכור ווי לוט. געדענקסט? ווי לוט,—אַז ער איז אַ מענש, אַ! אַ מענש...

נחום. און איך האָב טאַקע געוואָלט מיט דיר רעדען וועגען איהם. דו ווייסט דאָך, סאָניאַ האָט איהם ליעב, בענקט נאָך איהם און וואַרט אויף איהם שוין דריי יאָהר. איך האָב דיר געוואָלט זאָגען, דו זאָלסט ניט שטע-רען דעם שידוך.

גדליה. איך—שטערען? אַדרבא, זאָל זי חתונה האָבען מיט איהם. איך—שטערען? ווי פאַלט דיר אַיין!?

נחום. ווי מיר האָבען זיך אַלע געביטען פון יענער צייט אָן!

גדליה. וואָס האָב איך דיר עס געוואָלט זאָגען? יאָ, און וואָס איז

מכח דיר אַליין וועגן עפּיס אַ שידוך? גאַרנישט! אַז יענע, הי האָט זי געהייסען, די שניידערקע, דבורה, האַ? — איז געשטאָרבען — איז שוין נישטאָ מעהר קיין מיידלעך אויף דער וועלט? ס׳איז דאָך שוין מעהר ווי אַ יאָהר נאָך איהר טויט.

נחום. טאַטע! לאָמיר ליעבער נישט רעדען דערפון.

גדליה. פאַרוואָס נישט רעדען מיט מיר? מעגסט מיר אַלץ זאָגען. דו ווייסט דאָך, זינט דו פיהרסט די געשעפטען,—און איך מוז דיר זאָגען, דו פיהרסט זיי בעסער פון מיר, איך מוז דיר אַליין זאָגען,—זינט דעמאָלט האָב איך אויפגעהערט צו זיין דיין בעל־הבית, און דו קאָנסט מיט מיר רעדען, ווי מיט אַ גוטען פריינד. איך בין דאָך עפּיס אויך נישט קיין בטלן.

נחום. קורץ גערעדט, טאַטע, מיידלעך, ווי דו זאָגסט, פעהלען נישט, און אַנ׳אויג האָב איך גראָד אויף איינער, וואָס דו האָסט איהר געזעהן. איך וואָלט מיך נישט געשעמט, וואָלט איך געזאָגט: איך ליעב זי. אַ קינד פון פאָלק, געזונט בלוט. נור איך וויל נישט האָבען קיין קינדער.

גדליה קוקט איהם אָן פערוואונדערט. וואָס טייטש?

נחום. איך אַליין קאָן מיך נישט ליידען, און אויף וואָס פאַר אַ דור קען איך האָפען, אַז איך וועל אויפשטעלען? גייסטיגע קאַליקעס, ציניקער, ווי איך, קינדער, וואָס איך וועל פיינט האָבען און פעראַכטען.

גדליה. אי, לאָז מיך געמאַך! דו רעדסט שוין אַזוינע חכמות, וואָס איך קאָן נישט פערשטעהן.

נחום. האָב איך דאָך טאַקע געזאָגט, אַז בעסער, מיר זאָלען דער־פון נישט רעדען.

גדליה הויבט זיך אויף און געהט אַרום אין שטוב. געה שוין, געה שוין! אַיינגערעדטע זאַכען... אָבער וואָס זאָגסטו עפּיס מכח מיין פּלאַן צו פאָהרען קיין ארץ ישראל? רופט ביי דער טיר. חיה! קום נור אַריין. חיה קומט אַריין. קום, חיה, הערסט? איך וויל מיך אָבטיילען מיט מיינע קינדער און פאָהרען קיין ארץ ישראל.

חיה. אַלע מיינע בייזע חלומות!

גדליה. וואָס עפּיס בייזע חלומות, בהמה? וואָס וועט דיר דאָרט פעהלען? האָסט געלייענט אין טייטש־חומש: ארץ זבת חלב ודבש, אַ לאַנד, וואָס פליסט מילך און האָניג?

חיה. ער וועט מיר גאָר אויף דער עלטער משוגע. אָבגעלאָזט זיך,

נישט ער ווייס צו זאָגען עפּיס פון געשעפט, שאָקעלט זיך איבער דער גמרא און טראַכט הוריות. האָסטו געהערט?

גדליה. בהמה! וואָס טויג דיר דאָ צו זיין? האָסטו עפּיס הנאה געהאַט פון לעבען? אָט וועלען מיר חתונה מאַכען סאָניאַ׳ן און נחום׳ן, עטאַ׳ן נעהמען מיר מיט, וועלען מיר פאָהרען קיין ארץ ישראל, און דו וועסט זעהן רחל׳ס קבר.

חיה, ווען ער רעדט וועגען חתונה מאַכען די קינדער, קוקט אָן נחום׳ן, פרעגענדיג. סאָניאַ׳ס שלים־מזל איז שוין דאָס געקומען?

גדליה. זיי נישט קיין בהמה. וואָס עפּיס שלים־מזל? דו מיינסט, זיי זענען נישט קיין בריות, די יונגאַטשעס, און טויגען נישט צום געשעפט? מיט אַ גמרא-ניגון. האָסטו אַ טעות! זיי ווילען נישט! אָט האָט נחום יאָ געוואָלט—און פיהרט אַ פאַבריק.

חיה. זאָג מיר, וואָס האָט זי זיך אַריינגעשלאָגען אין קאָפּ דוקא דעם דאָזיגען מיט׳ן קאָזע-בערדיל? אַ מויד ווערט משוגע, מוזט דו זי הערען?! איך פרעג דיך!

גדליה. בהמה! פערד! שוטה! נאַר! זי איז אין איהם פערליעבט. וואָס פערשטעהסטו נישט?

חיה. פערליעבט, פערשמיעבט — פונקט אַזוי ווי איך בין געווען אין דיר.

גדליה. אוי, דו ווייסט נישט! ווי הייסט עס אויף רוסיש, נחום? איך האָב שוין פערגעסע — ליובאָוו, אַ שען וואָרט.

נחום. מאַמע! וואָס וועט דיר העלפען טענ׳ען? סאָניאַ וועט חתונה האָבען מיט עליאַש׳ן. זי וואַרט אויף איהם גאַנצע דריי יאָהר, גאַנצע דריי יאָהר האָט זי נאָך איהם געבענקט, געזוכט, קוים דערוואוסט זיך זיין אַדרעס און איבערגעשריבען זיך מיט איהם. איך וואָלט דיר געראָטען בעסער אָנצוגרייטען טעלער, טאַקע נאָך אויף היינט ביינאַכט.

חיה. אויך מיר אַ געשעפט—טעלער! זיי דאַרפען עס נויטיג. ניש־קשה. אַזוינע יונגע לייט, ווי ער און דו, קומען אוים אַפילו אָהן חופה וקדושין. איך קען זיי נישט? טעלער זאָל איך איהם אָנגרייטען! אַנדערש שטעהט זיי גאָרנישט אָן.

גדליה, אוי! דו ביזט אַ בהמה. חיה, און—שוין!

ע ט אַ. איצט שוין אַ יונגע גימנאַזיסטין, קומט אַריין — טוט טאַק טיעמנאָ, אַטשעוואָ ניע זאַזשיגייעטע לאַמפּי?

ג ד ל י ה. גוט נאָוועגד, טאָכטער. וואָס רעדסט מיר עפּיס רוסיש? ביזט נישט קיין יודישע טאָכטער? ווילסט פאָהרען מיט מיר קיין ארץ־ישראל?

ע ט אַ קוקט זיך אום און ווייס נישט, וואָס דאָס זאָל בעדייטען.

ג ד ל י ה. מיר וועלען אַלע דריי פאָהרען, די מאַמע, דו און איך.

ע ט אַ. אַטשעוואָ ניעט?

ג ד ל י ה. טאָ וואָס קלאַפּסטו מיר רוסיש?

ח י ה. אַלע מיינע בייזע חלומות... ער האָט זיך דאָרטען אָנגעלייענט אין די גאַזעטען און אין די מעשה־ביכלעך און רעדט פון וועג.

נ ח ו ם ערנסט. איך זעה נישט איין, מאַמע, אַז דאָס זאָל זיין אַ שלעכ־טער פּלאַן. דער טאַטע איז דאָ נישט צופרידען מיט זיין לעבען. צום רבי'ן פאָהרט ער מעהר נישט. אין שטאָדט רעדט מען, אַז ער איז גע־וואָרען אַנ'אֶפּיקורס. ער קאָן זיך קיין אָרט נישט געפינען. דאָס אַלטע לעבען איז געוועזן אַנ'אָבּנאַרעניש, קיין נייעס קאָן ער נישט אָנהויבען. טאָ וואָס איז דאָס אַזוי שלעכט?

ח י ה. און דו דאַרפסט אונז שוין ירש'ען ביים לעבען און ווידער עפּיס אָנקריגען אַ שניידערקע און פּטר'ן מיט איהר פינף טויזענד רובעל?

נ ח ו ם שטרענג. איך בעט דיך, מאַמע, און איך האָב דיר שוין עטליכע מאָל געזאָגט, נישט רעד אַזוי פון דער פערשטאָרבענער דבורה. דו האָסט זי נישט געקענט, און דו ווייסט נישט, וואָסערע נשמה דאָס איז געוועזן. הלואי וואָלט זי היינט געלעבט, וואָלט איך אַליין געהאַט, צו וואָס און פאַר וועמען צו לעבען. איצט דרעה איך מיך אַרום אויף דער וועלט, פּיהר אַ פאַבּריק, אַרבייט כלומר'שט, אָבער צו וואָס? פאַר וועמען? וואָס האָב איך דערפון? און וואָס טויג מיר מיין לעבען?—וואָס זאָל איך זאָגען?

ע ט אַ לאַשטשעט זיך צו נחום'ן. עליאַש וועט היינט קומען? יאָ?

נ ח ו ם נעהמט אַרום דעם זייגערל. זיי האָבען שוין באַלד געדאַרפט דאָ זיין. געהט צו און ציגדט אָן די לאָמפּ. ווי צו זיך אַליין רעדענדיג. דעם אמת זאָגענדיג, בין איך אַליין אויך אַ ביסעל פערליעבט אין דעם מענש און איך וואָלט איהם גערן שוין געוואָלט זעהן.

ג ד ל י ה, וואָס האָט זיך געהאַט עפּיס פערקלערט, אַרויסקוקענדיג דורכ'ן פענסטער, כאַפּט זיך. אוי, איך האָב פערגעסען מנחה צו דאַווגען.

נ ח ו ם שמייכלענדיג. עס מאַכט נישט אויס, וועסט דאַוונען צוויי שמונה־עשרות צו מעריב.

חיה. אַלע מיינע בייזע חלומות... ער האָט שוין גאָר אויפגעהערט מנחה צו דאַוונען!

גדליה. דו, בהמה, מיש זיך ניט אַריין. וואָס איז דאָס דיינע זאָרג? דיר צו להכעיס, וועל איך אַפילו מעריב נישט דאַוונען.

נחום. צו וואָס געהער דאָס קריגען זיך? גרייט ליעבער צו אַ נאַכט־עסען, מאַמע, און מיר וועלען האָבען תּנאים.

חיה שרייט. וואָסערע תּנאים? וועלכע תּנאים? וואָס רעדען זיי אַלע פון וועג?

נחום. נישט בייזער זיך, מאַמע, און נישט שריי. סאָניאַ וועט היינט תּנאים שרייבען מיט עליאַש'ן.

גדליה רופט אַוועק נחום'ן און נעהמט מיט איהם טענ'ען. פּאַרוואָס, זאָג מיר, זאָלסטו איך נישט טון קיין שידוך? דו ביזט דאָך עלטער פאַר איהר. און גלאַט אַזוי, דו ביזט שיין נישט אַזוי יונג, איך מיין אין אמת אַריין, אַ יונגער־מאַן אין דיינע יאָהרען, וואָס וועט זיין דער תּכלית?

נחום. איך האָב דיר שוין געענטפערט. איבעריגענס... סאָניאַ קומט אַריין, זי האָט זיך נישט פיעל געביטען דורך די דריי יאָהר, מעהר נישט דער טאָן איז געוואָרען אַ ביסעל סאָלידער. זי איז פרעהליך־איבעראַשט.

נחום לויפט צו איהר צו. נו?

סאָניאַ. ער איז געקומען און האָט אָבגעשטיגען אין אַ האָטעל. ער וועט באַלד דאָ זיין.

נחום. אָט וועלען מיר האָבען אַ פרעהליכע נאַכט. ס'איז אַזאַ אומעטיגקייט דאָ.

גדליה צו סאָניאַ'ן. נו, וואָס מאַכט ער עפּיס?

סאָניאַ. דו ווייסט אויך, טאַטע, דערפון?

גדליה. אַודאי ווייס איך, און איך זאָג דיר, הער נישט, וואָס זי זאָגט. ווייזט אויף חיה'ן. ער איז אַ וואַזשנער מענש. דו זאָלסט מיט איהם תּנאים שרייבען... הערסט?

סאָניאַ. אַ דאַנק דיר, טאַטע, ביזט אַ גוטער.

חיה. אַלע מיינע בייזע חלומות. אָב בייז אין אַנדערן צימער.

גדליה שרייט איהר נאָך. גרייט אָן אַ נאַכט־עסען, חיה!

נחום פיהרט אַוועק סאָניאַ'ן אָן אַ זייט. עטאַ קריכט נאָך און האָרכט צו נייגעריג. נו, דערצעהל, וואָס מאַכט ער עפּיס? וועסט מיר גלויבען? איך אַליין בענק נאָך איהם.

סאָניאַ. וועסט איהם באַלד זעהן. ער האָט זיך גאָרנישט געענדערט.

נחום. איז ער נאָך אַלץ אַזאַ אָפּטימיסט?

סאָניאַ. נאָך מעהר ווי געווען. ער איז געקומען עפּיס מיט אַ גרויסען פּלאַן. איידער נאָך מיר האָבען זיך אָבגעפּרעהט, האָט ער מיך שוין גענומען אַגיטירען.

נחום נייגעריג. וואָסער פּלאַן?

סאָניאַ. עפּיס אַ גרויסע יודישע אָרגאַניזאַציע בויט ער מיט'ן נאָמען „נילי".

נחום. נילי? וואָס איז דאָס?

סאָניאַ. ער האָט מיר עפּיס געזאָגט אויפ'ן וועג, נור איך האָב פערגעסען. טאָן-ענדערונג. האָב איך איהם ליעב, נחום! האָב איך איהם ליעב.

נחום. אָט לעבט אַ מענש אַנ'אינטערעסאַנטען לעבען! ער איז ווערט, שוועסטער, געליעבט צו זיין.

גדליה, וואָס האָט בעת דעם פריהערדיגען שמועס אריינגעקוקט אין דער אָפענער גמרא. וואו איז ער?

סאָניאַ ווייך און האַרציג. ער וועט באַלד קומען, טאַטעשי.

גדליה דרעהט זיך אַרום איבער'ן שטוב מיט אַ פינגער ביים שטערן. ליובאָוו... מורמעלט עפּיס צו זיך אַליין.

עטאַ געהט צו איהם צו. סאָניאַ וועט היינט תנאים שרייבען?

גדליה לאַשטשעט זי. אַודאי, טאָכטער, אַודאי. ער איז אַ וואוזשנער מענש.

עטאַ נייגעריג. וואָס איז נילי, טאַטעשי?

גדליה טראַכט. נילי? נילי? —נחום, וואָס איז נילי?

סאָניאַ. דאָס איז נישט קיין וואָרט. דאָס זענען די ראשי תיבות פון עליאַש'ס נייער אָרגאַניזאַציע.

גדליה. אַזוי? ער מאַכט גאָר נייע ווערטער.—אַ וואוזשנער מענש.

נחום פּרובט טרעפען. וואָס זאָל דאָס זיין נילי? נאַראָדנאַיאַ, יעוורייסקאַיאַ, נאַראָדנאַיאַ יעווריסקאיאַ— — איך ווייס נישט.

סאָניאַ. דו וועסט נישט טרעפען.

נחום. די נון יוד זענען זיכער, ווי איך האָב געזאָגט.

סאָניאַ. און איך זאָג—נישט.

עליאַש קומט אַריין. סאָניאַ און נחום לויפען ביידע צו איהם צו.

נחום צעקוּשט זיך מיט איהם. שלום עליכם: לאָמיך דיך אָנקוקען! פּויזע.

סאָניאַ. וואָס זאָגסטו עפּים צו נחום'ן, ווי ער איז געוואָרען אַ פּאַב־ריקאַנט און אַ געשעפטס־מענש?

עליאַש. דו האָסט דאָך מיר געשריבען וועגען דעם, און נחום האָט געשריבען. וואָס מאַכט מען עפּים, נחום? איך בין דיר שולדיג גע־בליבען אַ בריעף אַנ'ענטפער.

סאָניאַ נעהמט איהם אונטער'ן אָרעם. קום, זעץ זיך, עליאַש.

גדליה קומט צו. לאָזט מיך איך אָבגעבען אַ שלום־עליכם. שלום עליכם!

עליאַש. עליכם שלום. וואָס מאַכט איהר עפּים? איך האָב גע־הערט, איהר האָט אייך געענדערט און לעבט בשלום מיט אייערע קינדער.

גדליה. מילא...

סאָניאַ. אלע מיר האָבען זיך געענדערט—צוליעב דיר—געדענקסט, דו האָסט מיר שטענדיג געזאָגט: אין אייך שלומערט דאָס גוטע אונטער גאַנצע בערג שווערען זאַמד. דו האָסט עס אין אונז אויפגעוועקט.

נחום פערטראַכט. נור דער הונגער צו אַ שענערן לעבען איז וואַכע־דיג געוואָרען, אָבער וואו איז דאָס שענע לעבען אַליין?

עליאַש שמייכעלט. דו ביזט אַלץ נאָך פּעסימיסטיש.—אָט וועל איך דיר ענטפערן אויף דיין בריעף, וואָס איז געבליבען נישט געענטפערט: דער הונגער צו דעם בעסערן—איז דאָס בעסערע אין אונז. דו האָסט דיין גייסט געלייטערט. מיר שטעהען נישט אויף איין אָרט. מיר לעבען אין דער אייביג־קייט און פלאַנצען זיך איין אין דער אייביגקייט. און אַלץ לייטערט זיך. פּאַמעליך, דורך יאָהרען אין דורות לייטערן מיר זיך. דיין טאַטע, ווען ער האָט דיך געבוירען, איז בעסער געווען, ווי בשעת ער איז געבאָרען גע־וואָרען. דיינע קינדער וועלען בעסער זיין פאַר דיר, און זייערע קינדער וועלען ווייטער פלאַנצען אונזער משפחה אויף דער ערד.

גדליה האָרכט זיך איין. וואַזשנע!

סאָניאַ. נו, דערצעהל אונז עפּים, וואָס דו האָסט געזעהן... יאָ, וואָס איז „נילי״?

נחום. נאַראָדנאָיע יעווריסקאָיע...

עליאַש. ניין, דאָס הייסט: „נצח ישראל לא ישקר״, „די יודישע אייביג־קייט וועט נישט פעלשען״. מיר לעבען אין דער אייביגקייט אַריין. איך האָב

אויסגעזעהן די וועלט, אומעטום, וואו יודען שפּאַרען אָן. און איך וועל אייך ברענגען די טרייסט. מיר לייטערן זיך, מיר ווערען שטאַרקער און געזונטער גייסטיג און פיזיש. מיר בויען אומעטום לעבענס־צעלען. מיר זענען בעסער ווי אונזערע עלטערן, אונזערע קינדער וועלען בעסער זיין פון אונז. מיין אָרגאַניזאַציע איז נישט קיין פּאָליטישע, און איהר וועלען זיך פעראייניגען אַלע, וואָס האָבען גלויב. און אונזער פאָלק, אַלע, וואָס האָבען גלויבען אין אַ בעסערע, שענער מענשהייט! מיר מאַכען אַן׳אָרדען פון גלויביגע, פון די, וואָס ווילען ווי טער פלאַנצען דאָס שענע, דאָס גוטע. מיר וועלען האָבען אונזערע מיטגלידער איבער דער גאַנצער וועלט: אין אַמעריקע, אין ארץ ישראל, אין אויסטראַליע, אין אַרגענטינע.

נחום. בעקעהר מיך, עליאש, מאַך מיך פאַר אַ גלויביגען.

עליאַש מאַכט בעוועגונגען מיט דער האַנד, צוערשט מיט צוויי פינגער, דערנאָך מיט איינעם, וואָס סימבאָליזירען דעם אָרדען. דו ביזט עס! אויף גלויבען איז די וועלט געבויט!

סאָניאַ. און איך אויך.

עליאַש טוט נאָך אַמאָל דאָסזעלבע. דו ביזט עס.

סאָניאַ פיעסטשענדיג זיך. איך וויל אַ קוש.

עליאַש קושט זי. מיר וועלען פלאַנצען אונזער משפחה אין דער אייביגקייט אריין.

עטאַ לויפט צו צו סאָניאַ׳ן. וואָס איז גילי?

עליאַש גלעט זי איבערן קאָפּ. נצח ישראל לא ישקר. אונזער אייביגקייט וועט נישט אויסלעשען.

גדליה קומט צו. און איך?

עליאַש. איהר דאַרפט עס נישט. איהר זענט אַ פרומער יוד, און וואָס מיר ווילען ערשט בעשאַפען, דאָס איז ביי אייך נאַטירליך איינגעפלאַנצט אין האַרצען. איהר זענט אַ גלויביגער אָהן אונזער הילף, מיר קומען נור צו ראַטעווען די פערלאָזענע.

נחום שמייכעלט. ער דאַרף עס יאָ! ער איז קיינמאָל נישט ריכטיג פרום געווען, און דאָס איז געווען די טראַגעדיע פון דעם הויז.

עליאַש. ווילט איהר זיין אַ מיטגליד פון אונזער אָרדען?

גדליה. איך וויל...

עליאַש ווידער דיזעלבע צערמאָניע. דו ביזט עס!

היה בעוויזט זיך אין טיר, איבערגעטאָן יום-טוב׳דיג.

חיה. זאָל איך הייסן דעקען צום טיש?

נחום. וואָס האָט זיך די מאַמע אָנגעטאָן יום־טוב׳דיג?

חיה פערוואונדערט. אַלע מיינע בייזע חלומות... איהר האָט דאָך געזאָגט, עס וועט זיין תנאים, ווים איך? אַבי פערדרעהען אַ קאָפּ.

גדליה. געוויס, געווים תנאים!

נחום. וואַרט צו אַ ביסעלע. נישט איין תנאים, נאָר צוויי. לויפט אַרוים, אַלע קוקען איהם נאָך פערוואונדערט. מען גרייט דערוויי... צום טיש. חיה צינדט אָן ליכט.

עליאַש דערזעהט דבורה׳ס פּאָרטרעט אויפ׳ן וואַנט. זי איז געשטאָרבען, די אָרימע. וואָלט זי מיט אונז היינט געוועזען! נחום האָט זי באמת ליעב געהאַט.

סאָניאַ. זי איז געשטאָרבען אויף זיינע אָרעמס אין דער שווייץ.

גדליה דרעהט זיך אַרום אין שטוב און מורמעלט. מיר פלאַנצען זיך איין אין דער אייביגקייט — וואַזשנע! — היה, מיר וועלען פאָהרען קיין ארץ ישראל.

עליאַש ווייזט אָן אויף דבורה׳ס פּאָרטרעט. אויך זי האָט זיך איינגעפלאַנצט אין דער אייביגקייט. זי האָט געווירקט אויף אונז און לעבט אין אונז. מענשען לייטערן איינער דעם אַנדערן. אין יעדען פון אונז לעבען און ווירקען שפּורען פון אונזער נאָהענטע, און דאָס גוטע געהט איבער בירושה, לעבט און געדייהט. ס׳ווערט קיין זאַך נישט פערפאַלען אויף דער ערד.

חיה. לאָמיר זיך זעצען עסען.

גדליה. מיר מוזען וואַרטען אויף נחומ׳ן. טאָפּעלטע תנאים, האָט ער געזאָגט, וועלען מיר האָבען.

נחום בעווייזט זיך אין טיר מיט שרה׳ן, וואָס איז זעהר פערשעמט.

נחום. יאָ, טאָפּעלטע תנאים. אָט איז זי, מיין כלה, מיין ווייב, מיט איהר וועלען מיר זיך פערפלאַנצען אין דער אייביגקייט.

עליאַש. אָט אַזוי. געדענקסט, סאָניאַ? אַז איך בין דאָס ערשטע מאָל אַוועק פון דיר, האָב איך געזאָגט: די עפּעלעך פאַלען נישט ווייט פון בוים. און אָט זאָג איך איצט: די עפּעלעך זענען בעסער פון בוים, און די פערפלאַנצטע עפּעלעך בעשאַפען נאָך בעסערע בוימער.

סאָניאַ נעהמט אַרום שרה׳ן און צעקושט זיך מיר איהר. שעם זיך נישט, דו וועסטו זיין מיין שוועגערין.

שרה, וויינענדיג, ווייזט אָן אויף נחומ׳ן. איך האָב איהם אַזוי ליעב געהאַט.

ס אַ נ י אַ. נו, מזל טוב.

ג ד ל י ה. מזל טוב, מזל טוב! ס'זאָל זיין צו מזל.

ח י ה כאַפּט געשווינד טעלער פון טיש און צעברעכט.

ח י ה. מזל טוב!

ע ל י אַ ש. אויף גלויבען שטעהט די וועלט.

דער פאָרהאַנג פאַלט פּאַמעליך. ע ל י אַ ש נעהמט אַרום סאָניאַ'ן. נ ח ו ם שרה'ן עטא קושט דער מוטער. גדליה אין מיטען.

ג ד ל י ה. וואַ—ז--ש—נ—ע!

ע נ ד ע.